זעקסטער טהייל:

# ליעדער אלערליי.

פיערטער טהייל:

## מעשה'לעך און באלאדען.



פינפטער טהייל:

## אבענד־נעדאנקען.!

דריטער טהייל:

## די היים.

צווייטער טהייל:

## טראמפייטען שאלען.

# אינהאלט :

ערשטער טהייל:

## דאס לעבען ציהט.



I.

2.

ווי די ווייסע רויזען וועלקען,
פאר מיין פענסטער, פאר מיין טיר;
ווייסע רויזען — שווארץ געווארען —
מיידעל, קום ניט איצט צו מיר!

ווי די ווייסע רויזען וועלקען
בויגען זיי'רע קעפּלעך איין:
מיידעל זאָלסט אין טהיר ניט קלאפּען,
כ'לאָז דיך איצטער ניט אריין.

ווי די שטומע רויזען וויינען,
און ווי הילפלאָז זיינען זיי!
מיידעל, מיידעל, קום ניט איצטער —
לאָז מיך איבער מיט מיין וועה...

# הערבסט-ליעדער.

## 1.

אויף די פעלדער ווײנען ווינטען —
גערה נישט, קינד, אין פעלד;
אויף די פעלדער שלייכט דער אומעט
און בעקלאָגט די וועלט.

אויף די פעלדער געהט אום איינער
מיט אַ גראָהען זאַק
און אַ צווייטער — הויט און ביינער —
מיט אַ טעמפּער האַק.

אויף די פעלדער שטעהען בוימליך
ציטערען פאַר שרעק
און אַ פויגעלע אונהיימליך
קלאַגט און פליהט אַוועק.

אויף די פעלדער הערט זיך טרויערן
און דו ווייסט ניט ווער...
גערה נישט קינד, דו וועסט בעדויערן
און זיך פיהלען שווער...

דאָן איז דער פּראָפעסאָר פון ליעבע
אַ קראַנקער אַ היים קוים געקומען,
און קיין פּאַציענטען זייט דעמאָלט
האָט ער שוין נישט מעהר אויפגענומען.

ער האָט זיך פערשפּאַרט אין זיין שטיבעל
פערהאַקט אַלע פענסטער און טירען,
און האָט זיך די סודות פון ליעבע
נאָך טיעפער גענומען שטודירען..

אזוי זיינען יאָהרען געגאַנגען,
זיין פּראַקטיק געוואַקסען אַלץ גרעסער:
ביז ס'האָט אין אַ העלען פריהמאָרגען
אליין זיך פערליעבט דער פּראָפּעסאָר.

אוועק איז ער צו דער „געליעבטער",
געווינען איהר האַרץ ווערט ער זיכער:
ווער וויים נאָך צו ליעבע די מיטלען
ווי ער פון די טייערסטע ביכער!

געגאַנגען איז שטיל ער, פּאַמעליך —
ער מעג זי האָטש שטאַרקער נאָך ליעבען:
„צום גליק טאָר מען קיינמאָל נישט יאָגען" —
האָט ערגעץ אַ דיכטער געשריעבען.

נאָר פּראָסט איז געוועזען דאָס מיידעל,
אין ביכער גאַנץ ווייניג בעהעוועגט;
אַ מיידעל פון פאָלק — קוים געלעזען
און קוים אין אַ סדור געדאַווענט.

און ביז אונזער בחיר ז'געקומען
מיט מיטלען פון בוך אויסגעלעזען,
איז אַלץ שוין געוועזען פערלאָרען,
איז אַלץ שוין פערשפּעטיגט געוועזען.

ער האָט זיין געליעבטע געפונען
ביי אַ יונג אין צוויי אָרימס ווי אייזען;
זי האָט בלויז איין שמייכעל געגעבען
און מעהר ניט געוואָלט זיך איהם ווייזען.

ווייל קלוג איז געווען דער בחור
אזוי ווי ס'איז אויבען געשטאנען,
ג'וואוסט אויסווענינג הייען'ס גערינכטע
און אלערליי „טיעפע" ראמאנען.

און אויך שאפענהויערס סיסטעמע,
פון ליעבע, די זייטען די טריעבע;
א פאכמאן געווען איז דער בחור,
אן עכטער פראפעסאר פון ליעבע...

נו, זיינען אלע געקומען
און פלעגען דעם בחור דערציילען
פון ליעבע די וואונדען די טיעפע,
און בעטען איהם, ער זאל זיי היילען...

דער בחור גיט מאנכען א מיטעל
די ליעבע צוריק צו געווינען:
צו האלטען זיך קאלט מיט דער מיידעל
איז איינע פון פיעל מעדיצינען.

און נאך איינעם הייסט ער זיין ווארים;
„פערגעסען זיך" ראט ער אן אנדערן,
און ווינט זיך פאנאנדער א דריטער —
דאן הייסט, ער ווי היינע, איהם וואנדערן.

א פיערטען גאר קנייפט ער אין בעקעל
און טאפט איהם דעם קאפ און צולאכט זיך:
דו ביזט נאך צו יונג פאר דער ליעבע,
דו ליידסט גאר ניט, — ברודער—דיר דאכט זיך.

## דער פראָפעסאָר פון ליעבע.
(מאָדערנע באַלאַדע)

אמאָל איז — מיר דאכט זיך — אין ליטא
א בחור א קלוגער געוועזען:
געבילדעט אין אלערליי חכמות,
דערצו נאָך „א מאסע“ בעלעזען.

בטבע — א רוהיגער, שטילער,
האָט קיינמאָל פון זיך ניט געבלאָזען,
און האָט זיך געהאלטען בעשיידען,
און „נידעריגער פאר די גראָזע“ן.

ס'איז היינט אין דער וועלט, אין דער גרויסער
קיין סך דאָ אזעלכע פארשוינען.
דערפאר פלעגט מיט איהם זיך צו חבר'ן
אין שטאָדט דאָרטען איטליכען לויהנען.

פערמעגט האָט א שטיבעל א קליינע
דער דאָזיגער בחור דער גוטער,
א הונגעריגער פריינד פלעגט דאָרט קריגען
טיי שטענדיג און ברויט אָפט מיט פוטער.

נאָר דאָס איז געווען ניט דער עיקר,
וואָס האָט דאָרט די יונגוואָרג גענומען;
דערהויפט פלעגען יונגען פערליעבטע
צום בחור אין שטוב ארויפקומען.

## ווען זי.

און וואלט איך בעזונגען מיין ליעבע צו דיר,
מיין ליעבע פון טאג צו טאג שעהנער, —
וואלט דעמאלט געווארען אין גאנצען די וועלט
פון קלינגענדע, טאנצענדע טענער.

און אלע, וואס יאגען און טרייבען דא אום,
זיי וואלטען פערגאפטע געבליבען;
די קרעמער זיי וואלטען די קראמען פערמאכט
און וואלטען גענומען זיך ליעבען...

די שניידער און שוסטער זיי וואלטען אוועק
געלענט זייער אהלען און שערען...
און ס'וואלט אונזער וועלט, אונזער ארימע וועלט
מיט אלץ, וואס זי האט, חרוב ווערען...

ביז ער האָט בעשלאָסען איינמאָל
שלום ווערען;
דאַן איז ער אראָבגעפאלען —
און — אוים שטערען!...

## דער געפאלענער שטערן.

זעהט, א שטערן איז געפאלען ! —
ר׳ פלעגט פערלעצען
פון דעם הויכען, שטילען הימעל
די גענעצען.

ניט געוואלט דער זון, וואס בלענדעט,
זינגען שירה,
האט מען איהם פעריאגט צום ערשטען
פון דער דירה.

איז ער נע־ונד, פערוואנגעלט
באלד געווארען,
און זיין גלאנץ און גוטען נאמען
דארט פערלארען.

און די „גדולים": מארס, יופיטער,
זיינע ברידער,
האבען איהם ארױגעשטויסען
אין דער נידער.

האט ער זיך נאך אלץ געהאלטען,
אומגעטריבען,
און איז פעסט ביי זיין עקשנות
אלץ געבליבען.

קיידי ענטפערט, ווי פערטראכט :
כ'האב געוואוינגען הונדערט אכט !"
— וואו זשע זיינען זעקס אהין ?
— פרעג אין שאפ, ביי דער מאשין !

איהרע ציפּער־אויגען, דאכט זיך,
קוקען אזוי בייז און האַרט, —
ווי זיי וואָלטען זייער קרבן
מיט אַן אונגעדולד דערוואַרט...

*

ס'גענהט די וואָך אוועק אין לייד —
ס'קומט דער זונטאָג אַן מיט פרייד...
ס'לויפען, ס'טאַפּען טריינס ווי פריה'ר,
נאָר דאָס פאָהרט מען צום שפּאַציער!

ס'איילט זיך קיינער ניט אזוי,
ניט דאָס מיידעל, ניט דער באָי...
אויפ'ן סטיישאָן שפּאַנען אום,
פּאָרלעך, פּאָרלעך אומעטום.

און עס גיט א באָי א זאָג:
„קיידי, קום אהער צום וואָג!"
און ער וואַרפט א סענט אין שפּאַלט —
קיידי'ס לאַכען קלינגט און שאַלט!

„שטעל זיך, קיידי, גיכער, שנעל!"
קיידי'ס לאַכען קלינגט אַליץ העל! —
„כאַ־כאַ־כאַ און כי־כי־כי!"
פול ענטציקונגען איז זי!

נאָר דער בחור שטעהט און וואַרט:
האָט די וואָג איהם אבגענאַרט?
„בלייב נאָך, קיידי, שטעה נאָך, שטעה...
וויפיעל ווענסטו? הונדערט צוויי!?..."

## די וואָג.
### (אַ נ'ו־יאָרקער בילד)

אויף דעם עלעוויי‍טאָר סטיישאָן,
וואו עס סטאָפּט דאָרט יעדער טריין,
שטעהט אַ וואָג אין מיטען דרינען
ווי פערלאָזען און אליין.

אַנדערוואַכען, ווען די מחנות
יאָגען, איילען זיך צום שאָפּ,
זעהט זי קיינער, מערקט זי קיינער —
ס'גיעט דער טריין ווי גלייך אַ כאָפּ!

און ער טראָגט זיי שנעל, מיט אימפּעט
און ער שפּייט זיי ערגעץ אויס...
און אין איילעניש, צוטראָגען,
יעדער לויפט צום שאָפּ אַרויס.

און אין אָווענט איילט מען ווידער,
יעדער מיט זיין צער נעהיים...
טריינס זיי לויפען, טריינס זיי סטאָפּען —
יעדער יאָגט געשווינד אַהיים...

און די וואָג דאָרט אויף דעם סטיישאָן
בלייבט פערשעמט, פערלאָזט, געקרענקט;
קיינער קוקט ניט אין איהר ווינקעל,
און קיין בליק ווערט איהר געשענקט!...

## אלטע בריעף.

אלטע, אמאָליגע בריעף! —
און ריהר איך זיי צופעליג אָן —
ווי קלינגט מיר אין הארצען אָפּ, טיעף
א לאנג שוין פערקלונגענער טאָן!

כ'לעג אלע זיי אויס אויפ'ן טיש
און צעהל ווי א קארגער זיין געלד
און בלעטער זיי אלע און מיש,
און זוך ווען א בריוועלע פעהלט!

פערשיעדענע בריעף זיינען דאָ:
אין איינעם געלאַדען איך ווער
צו קומען אין פינקטליכער שעה —
ווייל ווארטען איז איהר אזוי שווער.

א צווייטער — פול לוסטיגע רייד
און איטליכעם וואָרט, ווי געשפּאסט;
איך ווייס ניט ביז היינט דעם בעשייד
צי האָט זי געליעבט, צי געהאסט...

א דריטער איז טרוקען און קאלט:
דאָס זעגענט זיך איינע מיט מיר,
דאָך ווען נאָר איהר בריעוועל איך האלט
דערהער איך זי קלאפּט אין מיין טיר...

און צווישען פריינד
וועל איך שטענדיג זיצען,
זאלסטו, דעמאלט, נאט
מיך פון זיי בעשיצען...

## א תפלה.

אין מיין אונגליק, גאט,
דארף איך דיך ניט האבען,
כ׳קען מיין אונגליק שטיל
אין מיין הארץ בעגראבען.

כ׳קען דאס אונגליק שוין
נאר פון לאנגע צייטען,
און איך טראג בסוד
איהם פון דיר און לייטען.

כ׳וויים צום אונגליק אויך
מיטלען נאר פערשיעדען:
אין מיין אונגליק, גאט,
לאז איך דיך צופריעדען...

אבער ווען דו ווערסט
גליק אמאל בעשערען,
זאלסטו דאן פון מיר,
גאט, זיך ניט אבקעהרען.

האלטען גליק בסוד
איז א זאך א שווערע:
מענשען ווילען דאן
פייערען מיין עהרע.

# אלטע לייט.

איך האָב זיי ליעב די אלטע לייט,
וואָס קוקען ערגיץ אזוי ווייט...
אין זייער בליק שווימט אום א צער,
דער צער פון דער פערגעננגליכקייט.

דאָס איז א צער געמישט מיט שרעק
און מיט ערוואַרטונגען אויף וואָס;
אויף יונגע קוקען זיי מיט פרייד
געמישט מיט קנאה און פערדראָס...

און געהען זיי אמאָל אין פּארק
אויף זייערע שטעקענס אנגעשפּארט
בעטראַכטען זיי א יעדען בוים
און שמייכלען דאן, ווי קינדער, צארט.

זיי שעצען אָב א יעדען שטראהל
וואָס גאָט פון הימעל זיי בעשערט,
און דאנקען איהם, וואָס ער ערלויבט
זיי אומגעהן אויף דער שענער ערד.

זיי היטען יערע רגע אָפּ,
ווי טרינקער יעדען טראָפּען וויין,
פערלאָרען זאָל ניט געהן אומזיסט
קיין פונק פון ליכט, קיין טראָפּען שיין...

## העלדען.

איך לייען אין צייטונג
פערשיעדענע נעמען,
מיט וועה און מיט קלעמען —
און זוך א בעדייטונג.

אך, צעטלען פערשיעדען
פון אידישע העלדען
די צייטונגען מעלדען —
דאָס בלוט הויבט אָן זיעדען!

אך, לאנג איז דער רייסטער!
א נאָמען פערשריעבען,
קיין זכר געבליעבען,
קיין קדיש, קיין טרייסטער!

עס ווערען פערשניטען
די לעבענס פון ברידער,
און זייערע ליעדער
פערשטומען אין מיטען.

און א ווינטעלע א שטילער
האט געבלאזען פול מיט טרויער,
און אויף ווייטע, ברייטע פעלדער
בלאנזשעט אום דער אלטער פויער...

## אויף די פעלדער.

אויף די ווייטע, ברייטע פעלדער
בלאַנזשעט אום אַן אַלטער פויער;
אויף זיין הונגעריגען פּנים
הענגט אַ שווערער, שווארצער טרויער.

ער בעטראַכט די קאָרען־זאַנגען
הויכע, פולע און געראַטען;
וועט עס אַנקומען די מענשען
אָדער ווידער צו דעם שטן?

אַלטע זיצען אין די הייזער,
קינדער הונגערן און שמאַכטען
און די יונגע זיהן די בעסטע
שיקט מען טעגליךְ־אויסצושלאַכטען...

וועט דער בלוטיג־בייזער פייער
פון מלחמה זיךְ פערלעשען?
אַךְ, עס איז די העכסטע צייט שוין
קאָרען שניידען, תבואה דרעשען!

און דער אַלטער פויער קניהט זיךְ,
הויבט צום הימעל זיינע אויגען...
בלויז אַ שווארצע מחנה קראָהען
זיינען קראַקענד דורכגעפלויגען.

פון די ווייטסטע פעלדער
זאל די היילונג קומען;
גאט, בעשיץ די קינדער,
פון דער וועלט די בלומען! —

## א תּפלה.

קליינע בלאסע קינדער
אין די גרויסע היצען,
זאָלסטו, גאָט, פון קראנקהייט
און פון בייז בעשיצען.

קליינע בלאסע קינדער
מיט די ליעבע אויגען,
זאָל זיי וואויל בעקומען
מוטערס מילך, וואָס זויגען;

אויב די מוטער ארבייט
ערגיץ־וואו פערטרויערט,
זאָל דאָס מילך אין פלעשעל
ווערען נישט פערזויערט.

און פאר אלע קינדער,
וואָס אין דרויסען שפּיעלען,
פון די פעלדער שיקען
זאָלסט א ווינט א קיהלען.

קיהלקייט פון די טייכען,
ווינטעלעך פון טאָלען,
אז די קליינע קינדער
זיך דערקוויקען זאָלען —

אונזער זאפט און אונזער גרין
האָט קיין האפט און האָט קיין זין,

ווען עס קומען נישט אהער
די, וואָס ארביימען דאָרט שווער.

אויסגעפוצט איז פרישען גרין,
שטעהען, קוקען מיר אהין

צו דער שטאָדט, און בענקען שטיל
נאָך די שעהנע פאָרלעך פיעל;

רופען מיר מיט צווייגען צו:
קומט צו אונז, צום שפיעל און רוה!

שפיעלט און זינגט און פלעכט אייך קרענץ
אָדער לאזט אייך פריי אין טענץ.

שעהנע טעכטער, שלאנקע זיהן —
בלויז פאר אייך מיר זיינען גרין;

און אין אונזער שמאָלסטען שטעג
מאכט דאָס פאָרל זיך א וועג.

רעדען אלץ פון הארץ ארויס,
און מיר זאָגע זקיינמאָל אויס...

## די בוימער רופען.

ווייט פון שטאָדט און ווייט פון מארק
שטעהען בוימער אין א פּארק ;

שטעהען בוימער, הויך און שלאַנק —
אַלע בוימער — איין געדאנק !

וואָס־זשע טראכט איהר, בוימער, וואָס
און איהר מורמעלט מיט פערדראָס ?

זייט איהר דען נישט פול מיט קראפט,
פעהלט די וואָרצלען איי׳רע זאפט ? !

איי׳רע בלעטער נישט געדיכט ?
שיקט דער הימעל וועניג ליכט —

וועניג ליכט דען, זון און שיין ?
וואָס־זשע זאָלט איהר טרוי׳ריג זיין ?

ענטפערן בוימער אָפּ צוריק :
זאפט און שיין און זונען־גליק !

דאָך איז אונזער הארץ געקלעמט
און מיר זיינען ווי פערשעמט.

## צוויי דורות — צוויי מאמעס.

נעבוירען איז זי אין א שטערטעלע,
ביי אידעלעך;
פערשלעפערט האט די מאמע איהר אין בעטעלע
מיט ליעדעלעך.

זי האט געזונגען איהר פון ניסעלעך
און פייגעלעך,
זי האט געקושט איהר אין די פיסעלעך
און איינעלעך.

יאהרען פליהען ווי אויף רעדעלעך —
אך, ווי ביטערליך!
ערשט געוועזען יונגע מיידעלעך
שוין זעלבסט מוטערליך!

נייהט זי איצט אין א שאפ א קליידעלע
א פערטרויערטע
און פון „פלעשעל" זויגט דאס קליינע מיידעלע
מילך פערזויערטע...

זועלען זיי אלע
קומען פון פעלד
וועט פון איהר חלום
אויפשטעהן די וועלט.

אבער ביז וואנען
ג'שעהן וועט דער נס,
ליעג אין דער פינסטער,
ליעג און פערגעס...

# חנוכה-פאנטאזיע.

אונזערע ליכטלעך
אונזערע אכט,
ווער וועט זיי צינדען
היינטיגע נאכט!

הערסטו ווי דרויסען
הוליעט דער ווינד?
טוליע זיך, טוליע זיך
נעהענטער, מיין קינד!

לאנג איז געלעגען
ס׳לעמפעל פערשטויבט,
האבען איהם רויבער
נעכטען גערויבט.

ווערלען פון לעמפעלע
מאכען א שווערד
ווערלען בעצווינגען
ד׳ ארימע ערד.

ווערלען זיי שלאגען זיך,
שלאגען זיך לאנג,
ביז עס וועט ווערען
זיי אלייז באנג...

און קען אונזער העלד דען
ערוואַרטען זיין לויהן,
ווען פרעמדע רעניערען
און טראָגען די קרוין?...

## אונזערע הימלען.

אונזערע הימלען
זיי הענגען אונז גרוי,
אויף אונזערע פעלדער
פאלט נישט קיין טוי.

עס פאלט נישט קיין טוי
און בליהט נישט קיין בלום,
און אונזערע פייגעל
לאנג שווייגען שטום...

א פאנצער א פרעמדען
טראָגט אונז'רער א העלד
און שיסט נאָר זיין ברודער
אין ווילד פרעמדען פעלד.

נעקליידט אונזער העלד איז
אין פרעמדען געוועהר
און אונזערע שוועסטער
בעשיצען וועט ווער?

אונזערע העלדען —
וואו וועלט האָט אן עק
און אונזערע שוועסטער
זיצען אין שרעק...

## שטאָדטישע פריינדשאפט.

איז אמאָל איהם גוט געגאנגען
און דאָס מזל האָט בעגליקט איהם
האָבען פריינד איהם גוט עמפּפאנגען
און זיי האָבען דאן ענטציקט איהם.

ס'איז געווען א וועלט א וואוילע
און די מענשען אלע בראווע;
און ער צאָהלט פאר זיי מיט שמחה
פאר דעם וויין און פאר די קאווע...

שפּעטער... אך ניט שטענדיג געהט עס! —
ס'הויבט אמאָל זיך אָן צו שלעפּען,
און עס האָבען אלע פריינד דאן
אויפגעהערט צו איהם זיך קלעפּען.

איינזאם... און ער פיהלט זיך גליקליך
וויל זיין איינזאמקייט געניסען,
פריי איז ער איצט ווי א פייגעל —
קיינער טאָר עס דאך ניט וויסען...

אך זיין נייעם גליק טאָר איצטער
קיינער נישט פון זיי ערפאהרען,
דען זיי קענען ווידער קומען
און ער האסט אזוי די נארען...

איין קאיזער איז ווייניג... א צוווייטער
ווערט בענדעט — א זוהן פון א שינדער...
און ס'פלאקערט אין וואלד די מלחמה
פון ווילדע, צולאזענע קינדער....

אין מארק צו די קארשען די רויטע!
שרייט אויס דער ארי־שבחבורה!
זיי קויפען, זיי כאפען, זיי נאשען,
אהן רבי'ן בעקומען זיי גבורה!

אין וואלד, חברה! — דונערט אויס לייבע
דעם קצב'ס, א יונג ווי אן אייזען,
און מעסט פון די הענד זיינע מוסקעלס
און וויל שוין זיין גבורה בעווייזען.

דער רבי — געשטארבען... די אויגען
מיט פונקען זיי שפריצען און גליהען
און לאזען זיך ווייט פונ'ם ישוב —
זיי יאגען צום וואלד און זיי פליהען...

א שטויב הויבט זיך אויף אין די געסלעך,
די טאטעס און מאמעס די קלוגע,
זיי מורמלען: „דער רבי — געשטארבען,
די קינדער, זיי ווערען משוגע...

„א קלייניגקייט קינדער אהן תורה —
זיי וועלען די וועלט איבערקעהרען“!...
(ביי מאנכער אן ארימער מוטער
בעווייזט אין די אויגען זיך טרעהרען...)

דער רבי — געשטארבען... זיי לויפען
און אט איז שוין הינטער די הייזער —
זיי הויבען אן שפיעלען מלחמה —
און לייבע דעם קצב'ס איז קאיזער...

## דער רבי איז געשטאָרבען.

דער רבי — געשטאָרבען... פון חדר
צולויפען די יונגע תלמידים
און ס'הויבט זיך א טומעל אין געסיל —
פאַראוים אין דער שפּיץ — בני־יחידים.

פערלאָשען די אויגען דעם רבי'ס
וואָס האָבען ווי פּיילען דורכ'דרונגען,
פערשלאָסען די ליפּען, וואָס האָבען
די פּסוקים נביאים'ס געזונגען.

געשטאָרבען דער רבי... א שמחה!
און טהאָן מעגסטו וואָס דו זאָלסט וועלען:
דו קענסט זיך אין זאמדען אויסקויקלען,
דו קענסט אויפ'ן קאָפּ אויף זיך שטעלען...

דער רבי — געשטאָרבען! א חדוה
די קינדערשע אויגען — זיי ברענען,
די וועלט איז איצט זיי'רע אין גאַנצען,
זיי וואַלטען בעצווינגען זי קענען...

## צום מזל.

1.

בעט איך רעגען — שיינט די זון,
בעט איך זונשיין — פליצט א רעגען:
מזל, וואס ווערט זיין דערפון,
וואס דו געהסט מיר אלץ אקעגען?

וואס איך בעט און וואס איך וויל,
ווילסטו קיינמאל ניט ערפילען: —
מזל, אויב דאס איז א שפיל,
דאן געפעלט מיר — לאמיר שפילען!...

2.

א לייד — א ליעד: א לייד — א ליעד:
וואס קענסטו, מזל, מאכען —
דו ווערסט גיכער ווערען מיד,
איך וועל ליידענד לאכען.

מזל! מעהר נאך ליידען גיעב,
כ'שטעל מיך נישט דערוויעדער.
איך האב דיינע ליידען ליעב —
ליידען זיינען ליעדער...

שפּאַנט־זשע איין די פערדלעך
מיט די ווינטער־גלעקלעך:
פאַר דעם קלוגען מאַן איז
ווינטער אויך ניט שרעקליך...

## היי, איהר יונגע יאָהרען!

היי, איהר יונגע יאָהרען!
קענט איהר מעהר נישט קומען —
וואָס ושע האָט איהר אַלע
ווענען מיר פערנומען!

יאָהרען קומען נייע,
כ'וואָלט זיי פריי בעגעגענט;
שטעהט איהר מיר ענטקעגען,
ווי נאָך נישט געזעגענט.

און דערצו בעריהמערם
זייט איהר פון די גרעסטע:
„מ י ר, ד י י ו נ ג ע יאָהרען,
זיינען דאָך די בעסטע!"

יא... געווים... עס מאַלט זיך
שעהן, וואָס געהט פערלאָרען...
זעגענט זיך דאָך אָפּ שוין,
לאָזט מיך ווייטער פאָהרען.

שעהן איז אויף דער ווינטער,
מיט זיין שנעע דעם ווייכען,
אויף אַ גרינגען שליטעל
קען מען גליק אויף גרייכען.

## אליין.

איך האָב צו זיך אַליין גערעדט,
צו שטילען מיר מיין וועה:
די שפּיעל זאָל עכטער זיין, האָב איך
פערוואַנדעלט זיך אין צוויי...

דער איינער איז געוועזען קלוג,
דער צווייטער גאָר א נאַר;
דער נאַר איז פול מיט טרייסט געוועזן,
דער קלוגער פול מיט צער.

דער קלוגער האָט געזאָגט אַזוי:
„ניטאָ שוין מעהר קיין גליק“!
דער נאַר האָט אָבגעענטפערט שטאָלץ:
„דער פריהלינג קומט צוריק“.

לאַנג האָבען ביידע דיסקוטירט,
דער — נעגען, יענער — פאַר:
דער קלוגער איז גערעכט געוועזן,
דאָך גליקליכער — דער נאַר.

„אונזער ליעבע איז צו דיר,
גרויסער דיכטער, שטארק און הייס,
נאָר מיין חתן ווארט ביין טיר,
און ער קען נאָך ווערען בייז..."

## דער דיכטער און זי.

(אַ מעשה'לע)

ס'איז דער דיכטער שוין בעריהמט
און זיין נאָמען פול מיט גלאַנץ;
האָט דאָס פאָלק דערפאַר בעשטימט
שיקען איהם אַ בלומען קראַנץ.

ווייל געזונגען האָט זיין ליעד
פון דער ליעבעס פרייד און צער,
זאָל די שעהנסטע פון דעם לאַנד
ברענגען איהם דעם קראַנץ דערפאַר.

מיט אַ שמייכעל, וואָס בעגליקט
גיעט זי איהם דעם קראַנץ אין האַנד:
„ס'האָט דאָס פאָלק איהם דיר געשיקט
„און דיך גריסט דאָס גאַנצע לאַנד!

„אַלע, אַלע, קליין און גרויס,
שיקען דיר אַ גרוס דורך מיר!"
דאָך דעם דיכטער ווייזט זיך אויס
ווי זי קוקט אַלץ צו דער טיר...

— וואָס־זשע איילסטו זיך, מיין קינד?
פרעגט דער דיכטער ווי געקלעמט —
שמייכעלט זי און לאָזט איהר בליק
אויף דער ערד אַראָב פערשעמט:

## די יונגע מוטער.

שא, מיין קינד... דו ליעג און שוויינ —
אויף דער ארלער זיצט אין שטייג:
פון דער שטייג די טיר איז צו
און ער שרייט אזוי ווי דו.

שטילער, קינד מיינס, ס'איז די וועלט
פול מיט שטייגען אויסגעשטעלט;
צי בחנם, צי בעצאהלט,
צי פון אייזען צי פון גאלד.

ווארף זיך, קינד, נישט און נישט פליה,
ס'וועט אומזיסט דיר זיין די מיה:
ביזטו קליין, צו ביזטו גרויס —
קענסט ניט פון דער שטייג ארויס.

שא מיין קינד, קיין קלאנג, קיין שארף!
דארט אין שטייג, דעם ארלער, הארף,
איז פון קלאפען באלד שוין מיעד,
פליגלען העלפען איהם אויך ניט!

וויין נישט קינד מיינס, שטיל און שא.
ס'איז מיין מזל אויך אזא.
אויך געפאנגען האט מען מיך,
שווייג־זשע שטיל, אזוי ווי איך!..

2.

— וואו נעהט איהר, יונגע קינדער,
וואס זינגט איהר אזוי שטארק?
איהר זייט דאך שוין פערמאטערט
צווישען טאל און בארג.

עס ענטפערען די קינדער:
„דער וועג איז אזוי גיי...
מיר יאגען, יאגען שנעלער
און זינגען צו דערביי...

דער וועג — אן אומבעקאנטער,
און ס'איז אזוי צו מוט...
בלויז טאלען, בערג און פעלזען — —
ס'מוז ערגיץ־וואו זיין גוט!..."

## צוויי וועגען.

1.

— וו'הין געהט איהר, יונגע קינדער,
אזוי פאמעליך, שטיל?
אך, געהט דאך, געהט געשווינדער —
צו געהן האט איהר נאך פיעל.

עס ענטפערן די קינדער:
„דער וועג איז אונז בעקאנט,
די זיידעס און די באבעס
זיי האבען דא געשפאנט...

מיר געהען לאנגזאם, לאנגזאם,
ווייל דארט, איהר זעהט, פון ווייט,
דארט שטעהט שוין דער בית־עולם...
מיר האבען צייט נאך, צייט“...

## דער פרייער פויגעל.

געקומען דער פויגעל פון לענדער פון ווייטע,
(געוועזען צוזאמען מיט חברה פערשייטע).

געקומען צום בוים, וואו זיין נעסט איז געשטאנען.
געזוכט איהם — צעטראָגען; ער ווייס ניט פון וואנען...

דער בוים דער אוראלטער האָט נאָך א שטיל־שווייגען
געברומט און געשאָקעלט די גראָה־דיקע צווייגען;

און האָט זיך גענומען דאָ מוסר איהם זאָגען:
„דיין היים, זעה, איז חרוב, דער נעסט איז צעטראָגען..

און וואָס איז דער תכלית פון יאָגען, פון ציהען;
א היים מאך אויף תמיד, גענוג ארומפליהען!...

און זעה, ווי איך שטעה אזוי פעסט, אזוי זיכער,
עס שרעקט מיך קיין שטורעם, עס שרעקט מיך קיין וויכער:

ווייל טיעף אין דער ערד האָב איך ווארצלען געלאָזען
און קיינמאָל מיין באָדען און היים ניט פערלאָזען"...

דער פויגעל ער שווייגט, אויפ'ן מויל ווי א זיגעל.
ער טראכט: „דו האסט וואָרצלען, איך אָבער — פליעגעל!...

## ווען דיין הארץ.

ווען דיין הארץ פערלאנגט זאל קומען,
ווען דיין אויג קוקט אוים,
יענער קלאפט אין פרעמדע טירען,
דיינע ווייכט ער אוים.

ווער עס מאכט דיר שווער און איבעל,
יענער קומט צו גערן.
לאנג זיצט ער ביי דיר אין שטיבעל —
דו ביסט אלץ אליין...

די ליעבע, א בליץ איז
פערשווינדט, ווי א בליק....
דו קוקסט זיך ארום —
און ס'איז פינסטער צוריק...

* * *

עס שטעהט דער יונגעל בלאס, דערשראקען,
איהם ציטערן די שווארצע לאָקען...
אָ, שעהנער יונגעל, שרעק דיך ניט!
ניט דיך, נים דיך דאָך מיינט מיין ליעד!

דיך האָב איך האָלט, דיך האָב איך גערן,
דען ריין ווי פערעל — דיינע טרערען,
און דיין געלעכטער קלינגט און שאלט,
פונקט ווי א קוואל פון פעלזען פאלט...

אָ, זאָל מיין ליעד דיך נישט בעטריבען,
עס וועט די יונג־פרוי שטארק דיך ליעבען,
אָט, זעה: זי רייסט פאר דיר א בלום,
און ס'בלייבט מיין אלטע לידעל שטום!

## פערשפעטיגט.

אַ, איך האָב דיך פערשפעטיגט, מיין קינד.
עס בלאָזט שוין דער ווינט,
און בלעטער פאַלען,
און ס'לעשען זיך שטראַהלען — —
פערשפעטיגט, מיין קינד...

אַ, הערסטו, דער שטורעם קומט אָן.
אַלץ איז פערשפּילט אין קאָן.
אַ פינסטערע נאַכט,
טיר און טויער פערמאַכט.
אַ, וואָס הויבט מען אָן צו טון?

* * *

דו אָרימער מענש,
וואָס נאַרסטו זיך אָב,
און פילסט מיט חלומות
דיין האַרץ און דיין קאָפּ?

און זוכסט דיר אין לעבען
אַ שטיצע, אַ טרייסט,
און קומסט צו דער ליעבע
זיכער און דרייסט.

## דאָך איך גלויב...

...דאָך איך גלויב, עס וועט זיך טרעפען,
ס'וועט די טיר זיך טון און עפען
ווען פארנאכט,
שטיל און זאכט,

אין מיין איינזאם שטילען חדר,
שארכענד, אין די זיידען־קליידער
— אַנגעטאָן
קומט זי אָן!

ווי א צנועה, טיף געבויגען
לאָזט אראָב זי איהרע אויגען —
אויגען בלוי,
בליקען טוי.

— אָ, ווער ביסטו? — וועל איך פרעגען —
און דורך וועלכע לענדער, וועגען
קומסט אהער,
ברענגט דיך ווער?...

## רחמים.

געקומען אמאל איז זי גאר אומגעריכט
מיט צארטען און בלאסען און נאסען געזיכט.
„וואס ביסטו, מיין עלענדע טויב, אזוי בלייך?" —
האב איך זי געפרעגט מיט רחמנות און ווייך.

זי האט נים געענטפערט, זי האט נאר געניקט
צו מיר אויפ'ן הארצען און פעסט זיך געדריקט...
דאן האב איך פערשטאנען, אז אלץ איז שוין שפעט,
און האב זיי געטרייסט און געקושט און געגלעט...

## צו איהר.

עס ווערט מיין הארץ פערגיפטעט
פון וועלט און לעבענס־גאל;
א, קום צו מיר, מיין גוטע,
און זיי מיין זיסער קוואל.

איך געה ארום פערביטערט
פון מענשענס שפאט און גיפט;
א, קום צו מיר, מיין ליעבסטע,
דיין מויל בלויז האנ׳ג טריפט.

איך רעד מיט מענשען ווערטער,
און זיי צוריק—א שטיין;
נו, וויל איך איצט נאר רעדען
מיט דיר, מיט דיר אליין!

איך בלאנדזשע מיט מיין ליעבע —
וואס ברויך זי גאס און מארק?
נו, וועל איך זי דיר שענקען,
מיין ליעבע גרויס און שטארק!

## טרוימעריי.

איך ליג מיט אפ'נע אויגען
און טראכט פון איהר, מיין גליק;
געוועזן ערשט נעכטען איז זי,
און שוין בענק איך צוריק.

און זעה איך זי צומארגענס,
דאן זאג איך איהר: פערבלייב,
פערבלייב מיט מיר אויף שטענדיג
און ווער מיין טייער ווייב. —

און אויב ס'איז קליין מיין צימער —
א פאלאץ בוי איך אויס,
די ווענט פון ווייסען מארמאר,
די פענסטער העל און גרויס.

און מאך דיך פאר א מלכה
און טו דיר אן א קרוין,
און נאכטראגען דיין שלעפע
וועל איך אליין, אליין...

## נייע און אַלטע ליעבע.

און ווידער א ליעבע א נייע —
די אַלטע פון הארץ אויסגעריסען;
דאָך קומט אַלץ די אַלטע, די אַלטע,
אזוי ווי אליין, אהן דיין וויסען...

און ווידער א ליעבע א נייע,
און ברענט אויך אזוי ווי א פייער:
דאָך יענע, די אַלטע, בעפאלט דיך,
און לייכט פון דער ווייט אזוי טייער.

און ווידער א ליעבע א נייע:
א קושען, א צערטלען, א גלעטען...
דאָך וואָלסטו צו יענער אנטלויפען
און גליק, אויף די קניה, ביי איהר בעטען...

## דער שמעטערלינג.

ליעבסטע, א שמעטערלינג זיין וויל איך אויך.
מיר געפעלט!

קורץ איז דאָס לעבען, עס איז נאָר א הויך
אין דער וועלט!

וואו איז אין לעבען דער צוועק און דער ציעל?
נאריש און דום!

איך בין דער שמעטערלינג (ס'איז נאָר א שפּיל!)
דו ביסט — די בלום...

## פריהלינג און ליעבע.

וואס איז עס פריהלינג? פריהלינג איז ליעבע.
וואס איז עס ליעבע? ליעבע איז פריהלינג;
פריהלינג און ליעבע — פון גאטס גנאדעןביידע,
ביידע א גאלדענער, ליכטיגער צווילינג.

ביידע זיי ווערען געבארען אין שטראלען,
ליכטיגער פריהלינג און לויטערע ליעבע:
ביידע פערוועלקען און שווינדען אין שאטען, —
טעג קומען אן דערנאך בענקענדע, טריבע..

דאך אין די טעג, אין די שאטענס פערהילטע,
ווינקט דיר א פריהלינג א נייער אין בלומען:
און נאך דער ערשטער פערלארענער ליעבע
שוועבט דיר דאס בילד פון דער צווייטער, וואס ט'קומען...

## דער שמעטערלינג און די בלום.

די בלום, א חודש אלט,
א טאָג דער שמעטערלינג, —
נו, פליהט ער צו צו איהר
און פלאפּעלט אוים אלצדינג...

„איך גאה באלד פון דער וועלט;
געלעבט האָב איך צו לאנג!
גענאָסען האָב איך פיעל,
געלעבט אין פרייד, געזאנג...

און ליעבעריי געפיהרט
מיט יעדער בלום און בלאַט...
אצונד איז נאכט... שוין נאכט,
איך פיהל מיך עטוואס מאַט...

אַ דו, די לעצטע זיי
און אויך דיין ליעבע שענק...
און ווען איך שטארב ביי דיר,
געדענק מיך לאנג, געדענק!“

## די היילונג.

קוש מיר אויס די גראהע האָר,
מיין זים הארץ,
אפשר וועלען זיי צוריק
ווערען שווארץ!

קוש, מיין גאָלד, פון אויג מיר אויס
דעם יאוש־בליק;
וועל איך אפשר ווערען פרום,
גוט צוריק...

קוש פון מויל דעם סם מיר אויס
און פון צונג,
וועל איך אפשר ווערען צ׳ריק
דום און יונג...

## צו אייפערזיכטיגע.

אַ, זייט ניט אזוי אייפערזיכטיג,
אַ, זייט אנשטאַט דעם בעסער קלוג;
יאַ, ליעב האָב איך אלע אייך — ריכטיג! —
דאָך ליעבע פערמעג איך גענוג.

די איינע געפעלט מיט די בעקלעך,
וואָס בליהען, ווי רויזען א פּאָר;
דער אנדערערס קויל קלינגט ווי גלעקלעך,
און ס'דאכט מיר, עס זינגט ווי א כאָר.

נו, וויל איך א גארטען פערמעגען,
און האָבען א כאָר אויף דעריין...
אַ, דרויסען איז הארבסטיג און רעגען —
מיין כאָר אין מיין גארטען — אריין!

## די בלינדע ליעבע.

איך קוש דיך מיט אויגען פערמאכטע
און פיהל ווי א דאפעלען גליק;
מיט אויגען פערמאכטע דערזעה איך
די ליעבע, די ערשטע צוריק!

און עפען איך אויף מיינע אויגען,
דערזעה איך אויף דיינע פערמאכט...
מיט דיר איז דאס זעלבע געשעהן:
אויך דו האסט פון ערשטען געטראכט...

# אין גאס.

דו גערסט אין גאס — די מענשען־כוואליע,
זי רוישט מיט לעבענס־שטורעם;
דו געהסט און טראכסט: אך! אלע גליקליך —
נאר דו ביסט פול יסורים!

און פון דעם עולם זעהט דיך איינער,
די אויגען קנאה בליצען;
ער אויכ׳עט טראכט: אך! אלע גליקליך —
דאס איז דעם לעבענס וויצען.

## מיר דאכט זיך...

מיר דאכט זיך, די ערד איז צעשטויסענער גלאָז, און איך גנה !
די פיס זיינען נאקעט, און שפיציג דער גלאָז —
עס טוט וועה !
פון ווייטען דאָרט ווינקט מיר א טייך און א פעלד ;
אָ, איך איל !
דאָס בלוט אבצו־וואשען און רוהען אין פעלד
כאָטש א ווייל !
נאָר ס׳רוקט זיך דער טייך און דאָס פעלד אַלץ אוועק ;
אָ, פארוואס ?
איך ווייס נים, ווער רייצט זיך מיט מיר, און איך פאל
אויפ׳ן גלאָז !..

* * *

אָ, ביי מיין פענסטער דער בוים !
ווי טרויעריג רוישען די בלעטער...
זיי זאָגען נביאות אויף שפּעטער
און טרוימען דעם אייביגען טרוים !

דעם אייביגען טרוים אָהן בעשייד
פון זיין און פון בליהען און פאַרבען,
פון וועלקען און דאַרען און שטאַרבען —
דעם טרוים פון דעם לעבען און טויט !...

## דאָס בוך פון לעבען.

וואו נעהמט מען דעם לעהרער,
וואָס זאָל אונז בעווייזען
אין בוך פונ׳ם לעבען
צו שרייבען אָהן גרייזען ?

עס נעהט ווי א שוידער
די זעל אונז אריבער,
דאָס בוך פון׳ם לעבען,
ווען מ׳קוקט עס בלויז איבער: —

פערשריבען אין איילעניש,
אָהן וואָג און אָהן מאָס,
פיעל ווערטער — פור ליגען,
און קרום יעדער אות...

איין בלאט א פערפלעקטער
(אָ, דאכט מיר, אין בלוט!),
א צווייטער — חשבונות,
וואָס שטימען ניט גוט...

און קומט צו דער ענדע —
דאָס בוך איז פערמאכט,
קענסט גארנישט פערריכטען:
עס פאלט צו די נאכט!...

נאָר שאַ — עפּעס שאַלט,
ווייט ערגיץ קנאַלט —
עס בלאָזט א טרומייט —
משיח געהט... משיח געהט!...

## משיח-צייט.

איהר גרויע, איהר נאקעטע זעלען,
אהן לײדען, אהן פריידען;
ווער וועט אייך בעהעלען,
אין ליכט אייך בעקליידען?

אַ, איך קאַן שוין ניט מעהרער פערטראַגען
אייער גוסס'ען, צאנקען;
אַ, צויבערער! קום א וואָרט זאָגען,
און זאָלען זיי גלאנצען און בלאנקען!

*

אלץ איז באנקראט:
דער מענש און גאָט;
און וואָס דו זעהסט
איז שימעל און פּעסט.

טויט איז דער מוט,
ליעבע און גלוט;
קאמפּף און האס —
עס טריאומפירט די גאס.

אלץ פאלט אין קראך
פון גרונד ביז'ן דאך.
דער מענש פאר שרעק
לויפט אין שענק אוועק.

##ביים וואסער

אויפ'ן וואסער שווימען שיפען,
און איך שטעה ביים ברעג;
די סיגנאלען רופען, רופען
אין דעם ווייטען וועג...

אויף א מאסטבוים וועהט א פאהנע
פון א פרעמדען לאנד,
דארטען וואוינען גוטע מענשען,
פאר מיר — אומבעקאנט...

דארטען איז דער הימעל לויטער,
און די ערד איז גרין;
און ווי פאלמען אלע מיידלעך,
צעדערן — די זיהן.

דארטען וואלט איך יונג געווארען,
אבגעפרישט מיין בליק;
דארט געפונען וואלט איך אפשר
מיין פערלארען גליק...

אויפ'ן וואסער שווימען שיפען,
און איך שטעה ביים ברעג;
די סיגנאלען רופען, רופען
אין דעם ווייטען וועג...

לאנג געשטארבען איז דער ויידע,
און דאָס לעמפּיל ברענט ניט מעהר;
ביידענס קנייטען אויסגעלאָשען —
און דער ספר אויך ניט דער!

אלץ בענייט און אלץ געענדערט,
און פערלאָשען און פערוויישט —
דאָך די שאָטענס, יענע שאָטענס
שפּרינגען אלץ נאָך, שטארבען נישט.

## שאָטען.

אין דער היים דאָרט, ביי מיין זיידען
איז אַ לעמפּעלע געווען;
אין די אָווענדס פלעגט עס ברענען
שוואַך און טונקעל, קוים צו זעהן...

בלויז דעם זיידען ביי דעם ספר
לייכט דאָס לעמפּעלע ניט פיעל;
מיר, די קליינוואַרג, אין דער פינסטער,
איינגעטוליעט זיצען שטיל...

נאָר די שאָטענס, הויך און ריזיג,
טאַנצען, שפּרינגען אויף די ווענט;
גרעסער איז דעם זיידענס שאָטען —
כ׳האָב איהם לויט דער באָרד דערקענט...

קליין דאָס לעמפּיל, קורץ דאָס קנייטעל,
דאַכט זיך, באַלד אָט לעשט זיך אויס...
דאָך די שאָטענס, ווי זיי זיינען
אַזוי אַנזיכטיג און גרויס...

אך, פון וואַנען — טראַכט איך דעמאָלט —
ווערען שאָטענס ווי פון שפּרוך:
צי פון זיידענס צויבער־לעמפּיל,
צי פון זיידענס אַלטען בוך?...

## דער שלאָס.

עס שטעהט צווישען פעלדער
א הויכער, טריבער שלאָס,
די פענסטער שווער פערהאנגען —
וואָס טוט זיך דאָרטען, וואָס?

עס געהען לייט און פאָהרען
און קוקען טיעף אריין —
דאָס הארץ פאלט איין פאַר פּחד:
וואָס קאָן דאָרט אינוו'ניג זיין?

דאָ קומט א ליץ א דאָרער
מיט אויגען קעציש־גראה
און לאכט זיך קאלט פונאנדער:
ס'איז אינוו'ניג גאָר נישטאָ...

דאן ווערען מאנכע רוהיג:
דער ליץ איז זיי גענוג...
און פאָהרען מונטער ווייטער
און זיינען ווידער קלוג.

דאן שפּרינגט א יונג א בלאסער
ארוים, — די אויגען — קויהל!
און פרעגט: דער שלאָס ווי קומט דאָ?
כאפּט ווידער אָן א גרויל...

## פערגעבונג.

כ'טראָג אַ האַרץ פול ליעבע,
כ'בין מיט ליעבע רייך:
גוטע מענשען, שלעכטע —
אַלע זיינען גלייך.

זינג מיר ניט פון טונענד,
רעד מיר ניט פון זינד;
יעדער מענש בלויז שפּילט זיך,
שפּילט זיך ווי אַ קינד.

קוק מיט פאָטער־אויגען
אויפ'ן קורצען שפּיל...
גיב זיך אָפּ אַ בייזער,
אָבער ניט צופיעל!

דען די קינדער שפּילען,
ביז ס'פערגעהט די זון,
און זיי געהען שלאָפען —
ס'איז קיין בייז דערפון!

## וואוהין?

וו'הין ווילסטו, נשמה, וואוהין?
בי בערג זיינען הויך,
די וואָלקענדלעך בלייך,
די ערד און די בוימער — ווי גרין!
וו'הין ווילסטו, וואוהין?

אַ, האַרך, ווי די בין
זומזעט און פליהט,
זי פלאַטערט און ציהט
אהער און אהין —
וו'הין ווילסטו, וואוהין?

אַ, קוק דאָרט אין מערב אהין —
די זון — זי פערגעהט
קיילעכדיג, רויט
אהין, אַלץ אהין —
וו'הין ווילסטו, וואוהין?

## שוויַיג, דו ים!

שוויַיג, דו ים, גענוג צו שוימען, —
לאָז א ביסעל רוהיג טרוימען.
טראָג די שיף זאכט אויף דיין רוקען,
לאָז מיך נאָכדענקען און קוקען.

רונד ארום איז וואסער, הימעל,
נישט קיין בוים און נישט קיין בלימעל —
אַלעס איז געבליבען הינטער —
וואָס־זשע ביסטו, הארץ מיינס, מונטער?

צי פון אלץ, וואָס איז געוועזען,
ווילסטו ווערען איצט גענעזען —
און דו ווילסט בלויז טראכטען, טרוימען
פון די ווייטע, לערע רוימען?

צי ערווארטסטו לענדער נייע,
מענשען גוטע, מענשען פרייע,
און עס וועלען דיך עמפאנגען
שעהנע שוועסטער מיט געזאנגען?

— — — — — — — — — — — —

שיף, מיינס, שיף מיינס, טראג זיך שנעלער,
איך די אויגען ווערט מיר העלער,
און איך זעה: דאָס שעהנס אנטקעגען
קומט פון ווייטע, נייע וועגען!...

## דער וואנדערער.

אין דער וועלט זיך אומגעטריבען,
אויסגעוועזען דאָ און דאָרט;
טיילען לעבען איז פערבליבען
אומעטום, אין יעדען אָרט.

דאָ פון ליעבעס־בוים געריסען
זיסע פרוכטען אלערליי;
ערגעץ האָט א שלאנג געביסען
ביז דעם טיעפסטען, גרעסטען וועה...

דאָרט א שמחה, דאָ אן אומעט,
דאָרט א גליק און דאָ א צער;
און איך וואנדער ווידער אומ'עט,
איך, דער יונגער־אלטער נאר...

און אויף באהנען און אויף פוהרען
וואנדער איך, ווי האלב אין טרוים;
נאָר ניטאָ שוין מעהר קיין שפורען
סיי פון שלאנג און סיי פון בוים.

## קום שוין.

קום שוין, קום שוין, אומבעקאנטער,
קלאפ מיר אן אין טיר;
ווי אויף פרייהייט א פערבאנטער
ווארט איך אלץ אויף דיר...

יאהרען לאנג אין וויסטען חדר
הער איך דיינע טריט:
כ'קוק אין פענסטערל כסדר,
דאך דו קומסט אלץ ניט...

איז דיין בשורה לויטער פריידען,
שנעלער ברענג זי, טראג!
טאמער אומגליק, לויטער ליידען —
קום, נאר עפעס זאג!

## אָווענד.

כ'בין געגאַנגען, געגאַנגען, — ביז וואַנען
בין הינטערן שטאָדט שוין געשטאַנען;
און שטיל איז געוועזען אַרום —
א בוים האָט געשאָקעלט זיך פרום.

די זון איז אַרונטער, אַרונטער
אַהינטערן וואַלד רויט, ווי צונטער,
און טונקעלער, טונקעלער ווערט — —
איך האָב מיך פערקלערט!

געטראַכט פון די ביסעלע יאָהרען,
וואָס זיינען זיך רוישיג צעפאָהרען...
געבליבען צו פאָהרען ניט פיעל —
עס טונקעלט... פאַרנאַכט... עס ווערט קיהל!...

א פאָרל איז שטיל־שטיל אַריבער,
א מיידעל א יונגנס און איהר ליעבער...
דאָס מיידעל אַזוי ווי בעקאַנט — —
איך האָב מיך דערמאָנט!

## עס דאכט מיר...

עס דאכט מיר, איך האב וואס פערלוירען אין וועג,
איך ווייס דאך ניט וואס...
זאל איך צוריקגעהן? עס איז אזוי ווייט —
עס איז א פערדראס!

איך האב וואס פערלוירען און ווייס דאך ניט וואס...
צי האט עס א ווערט?
לאז איך עס איבער, — דער טאג איז שוין קורץ,
און גרויס נאך די ערד...

עס פאלען שוין שאטענס פון בוימער און בערג, —
מיין שאטען איז לאנג...
דאס הארץ איז ניט רוהיג, עס שרייט: קעהר זיך אום,
דער שאדען טוט באנג!

דא בלייב איך נאר שטעהן מיר אין מיטען דעם וועג,
אין חושך געהילט...
איך האב וואס פערלוירען, איך ווייס דאך ניט וואס —
איך האב וואס פערשפילט...

וואס זאל איך מיט זיי רעדען,
מיט זיי, בשעת איך זיץ?
איך קאן זיי נאר דערלאנגען
פון פינגער קוים די שפיץ!

איך האב פאר זיי קיין ליעבע,
איך האב פאר זיי קיין האס;
מיך ציהט צום שטילען גארטען,
און זיי צום מארק און גאס

נו, שיידען מיר זיך ברידער,
אהן ווערטער, שטיל און שטום
איך וועל אמאל פון גארטען
אייך צושיקען א בלום!...

## איינזאמקייט

א פערוואַרפען וועלדעל,
ערגעץ אין דער זיים;
אך, ווי ציהט אהינצו
אין דער איינזאמקייט!

דאָרטען זעץ זיך נידער —
קיינעם נעהם נישט מיט
און דעם קאָפּ געבויגען
זינג דיין איינזאם ליעד...

צווייגען שווייגען רוהיג,
שאָקלען מיט קיין בלאט,
און דו ביסט דאך עלענד
און פון לעבען מאט.

שטערען וועט דיך קיינער
אין דיין שטילען טרוים;
דען ווי דו איז איינזאם
דאָרטען יעדער בוים...

* * *

ווי גרויז זיי זיינען אַלע,
ווי וואַכעדיג און קליין;
זיי זיינען מיינע ברידער —
איך וויל עס ניט פערשטעהן!

## חלומות.

כ'האָב געהאט חלומות
שעהנע יונגערהייט...
אך, ווי מיאוס האָט זיי
ס'לעבען מיר בעשיידט...

אויף די טרוימען־פליגלען
האָב איך הויך געשוועבט,
אויף געגרינגטע בערגער
האָב איך פריי געלעבט.

אָפט בין איך פערפלויגען
ביז דער העלער זון,
און פערבלענדט געוואָרען
און פערפיהרט דערפון...

און פערברענט די פליגלען
פון דעם שעהנעם טרוים;
בין צו דר'ערד געפאלען,
און איך אָטעם קוים...

## ברען אוים.

ברען אוים, א, לעבען מיינס, ברען אוים!
דער דאַכט נעבליבען איז ניט גרוים:
זאָל ליכטיג זיין די לעצטע טעג —
צום לעצטען וועג!...

ניט גוסס, לעבען מיינס, ניט צאנק,
פערשווינד, ווי פריהלינגס א געדאנק...
איך וויל ניט קארגען... כ'האָב עס פיינט!
זאָל ליכטיג זיין איין היינט!

## צום רעגענדיל.

רויש, רעגענדיל, רויש אין די שויבען,
פערוויעג מיך מיט טרעהרען פון הימעל;
כ'וויל רוהיג אביסעלע בלייבען
און אלעם פערגעסען אין דרימעל.

רויש, רעגענדיל, כ'פיהל מיך געגעזען,
ס'איז ליעב מיר דיין ניגון צו הערען;
דאס ליעד פון מיין מאמען געוועזען
איז אויך נאר אהן ווערטער, בלויז טרערען...

## די נאַכט.

די נאַכט איז דאָן לאַנג
געוועזען און באַנג
און שטיל, אָהן אַ קלאַנג.

נאָר אָפט פּלעגט אַ ווינד
אַ רויש טהאָן געליגד
ווי'אַ קרענקליכעס קינד.

איך האָב מיך דערפרעהט:
אַ פריינד אפשר געהט,
כ'בין קושען איהם גרייט!

איך וואַרט און איך הער —
ס'איז ניט געווען ער —
אַ ווינד און ניט מעהר!...

## אין דער שפּעטער שטונדע.

אין דער שפּעטער אבענד־שטונדע
ווען דו גערסט אליין,
דאכט זיך, אז פון יעדער חורבה
טראָגט זיך א געוויין.

דאכט זיך, אז פון שווארצען גאָרטען
וואו ס׳איז טריעב און קאלט,
קוקט ארוים דורך בוים און צווייגען
עפּיס א געשטאלט...

דאכט זיך, אז דיין פריינד, דער גוטער
נאָך פון אלטע טעג,
איז פון קבר אויפגעשטאנען,
געהט דיר נאָך דיין וועג.

און דו לאָזט זיך לויפען גיכער
און עס העלפט נישט דאָך,
דען דער טויטער איז נאָך פלינקער
און ער יאָגט דיך נאָך...

## א גרוס.

און זאָלסטו דאָס לעבען בעטראכטען
מיט רוהיגע, שטילע געדאנקען,
וועסט אַלע פערגניגען פערלאָזען
און געהן צו בעזוכען א קראַנקען.

ער ליעגט דאָרט פערגעסען און איינזאם,
פון וועלט און פון פריינד אָבגעריסען;
דערצעהל איהם, אז אלע דאָ, אלע —
מיר לאָזען איהם הארצליך גריסען.

דו זאָלסט מיט א שמייכעל א גוטען
ביי'ן בעט איהם צוקאָפּענס זיך זעצען,
און וועט ער דיך פרעגען — דערצעל איהם:
מיר זיינען פערפלאָנטערט אין נעצען.

מיר קענען זיך קיינמאָל בעפרייען
פון שווערען און לעערען געדרודער;
און שטענדיג אונז פלאגט דער געוויסען:
ס'ליעגט ערגעץ א קראנקער, א ברודער...

## אין א פרעמדען לאנד.

(פריי נאָך לענוא.)

אין א פרעמדען לאנד די רויז,
האָב איך אָבגעפליקט זי,
ליעבע מיידעל מיינס, דיר בלויז
וואָלט איך איצט געשיקט זי.

דאָך ביז גרייכען וועט דיין הויז,
ווייט פאר הונדערט מיילען,
וועט די רויז שוין ווערען אוים —
דען די רויזען איילען...

## א קאָרטען-ליעדעל.

פערשפיעלט האָסטו אַלעס, שלימזל,
זיי האָבען די קאָרטען געזעהן;
אריינגעקוקט שטיל און בגנבה
און ס'קאן קיין געווינס ניט געשעהן.

און אויב דו בעהאלטסט זיי, אפילו —
אָן פנים דערקענט מען די צאָהל:
קיין קעניגין לאנג ניט געהאט שוין —
א ניינטעל, אָן אונטער אמאָל...

און וואָלסטו די שפּיעלער דערשרעקען
און מאכען זיך מוטיג און גרויס;
די באנדע איז קלוג און בעמערקט דאָך,
אז ס'פעהלט דיר דער קעניג, די טויז...

עס לאכען די שפּיעלער ביים טישעל
און קוקען מיט חוזק דיך אָן,
און מורמלען ביים טישעל פעראכטליך:
ער האָט בלויז צו שפּיעלען  א י י ן  קאָהן!...

און ער וואָלט דעם ערשטען אידען
גלייך אריינגעקוקט אין ד'אויגען,
און ער וואָלט מיט גרויסער ליעבע
ברייט די האַנד איהם אויסגעצויגען.

ס'וואָלט דער איד זיך ווי דערשראָקען
און פערוואונדערט ווי חלום:
אַ סאָלדאַט פון בייזען רוסלאַנד
גיעט אין גאַס איהם אַב גאַר „שלום!“

וואָלט ער איהם צוריק געשמייכעלט:
„מאַכט, ר' איד, נישט קיין גערודער;
טאַקע... יאָ... איך בין פון רוסלאַנד,
אָבער איך בין אייער ברודער.

טעג און נעכט אין הייהל געלעגען,
פונקט ווי חיות נית ווי מענשען;
האָב דעם טויט געקוקט אין פנים —
וואָלט איך וועלען גומל בענשען“.

וואו זשע איז דאָ אַ בית מדרש?
וועט ער שמייכלענד פרעגען ווידער:
„און אַ מוכר ספרים ווייזט מיר,
קויפען מוז איך ב'איהם אַ סדור“.

„און אַ נייעם ארבע כנפות
דאַרף איך נויטיגער נאָך האָבען,
טאָמער פאַל איך, זאָל מען וויסען,
צווישען אידען מיך בעגראָבען...“

## דער שונא.

אין א גראָבען ביי פּשעמיסעל,
אָבגעריסען, אָבגעשליסען,
רוהט זיך אוים'עט א סאָלדאַטעל
נאָכ'ן לאַנגען שווערען שיעסען.

א געבוירענער פון קאָוונא,
שטיל געפיהרט דאָרט די געשעפטען;
איצטער שלאָגט ער מיט'ן פיינד זיך
מיט די לעצטע, לעצטע קרעפטען.

אך, ער ליעגט דאָ אין די גריבער
לאַנגע טעג און לאַנגע וואָכען,
דאָך די פעסטונג וועט מען נעהמען!
האָט דער קאָוונער איד בטחון.

יאָ, ער מוז, ער מוז זי נעהמען,
דען די שטאָדט איז לויטער אידען:
און אַ אידען איצט דערזעהען —
אך, ווי וואָלט ער זיין צופריעדען!

ס'וואָלט דער „ראָטנער" אָבגעלאָזט איהם
זיכער אויף אַ טאָג אַ גאַנצען;
אך, ער וועט צו זיינע ברידער
לאָזען זיך מיט פרייד און טאַנצען.

נעהמט מיך, פריינדינס, מיט מיט אייך
ד'בין אַ ברודער אייערער,
אונטער פרייהייטס־פאַהן זייט איהר
שענער נאָך און טייערער!

## א געזאַנג צו קעמפּפעריגס.

וועלכע פאַהנען פלאַטערן
ווי א ים א ברויזענדער?
וועלכע טריט עס הערען זיך
פון די צעהנדליג טויזענדער?

עפּעס הער איך זינגענדיג
ליעדער קיין געוועהנליכע,
און ווי קומט בעגייסטערונג
אין די טעג די קליינליכע?

העי, דער מארש, דער איידעלער
איז אזוי בעדייטענדיג,
פונקט בת־מלכות, ווען פאַראוים
פאהרט די מלכה רייטענדיג!

וועלכע אויגען שטראַהלען עס
אזוי לוסטיג בליקענדיג,
וועלכע שטימען שאַלען עס
אזוי העל־ענטציקענדיג?

קענט איהר אונז'רע שוועסטער ניט?
די אין שפּעפער טרויערען?
איצט אין קאַמפּף מאַרשירען זיי
צו די פרייהייטס־טויערען.

## סטרייק.

אין די הייזער הערשט שוין נויט,
קליינע קינדער שרייען ברויט!
און די גרויסע אין די ווינקלען
זיצען און די טרערען פינקלען
און א קינד ליעגט קראנק אין וויעג —
דאך מיר דולדען ביז'ן זיעג!

אין די הייזער ארמוט שוועבט
און די אלטע שפין זי וועבט
אויף דאס ניי שוין די געוועבען
און פול פחד קוקט דאס לעבען
און דער טיש איז ניט געדעקט —
דאך דער קאמפף איז ניט גענעקט!

אונזער ארמוט האט דערשפירט
פון דער וואהנונג אונזער ווירט
און וואס איז דער שלעכטער אויסען?
צאהלען אדער ליעגען דרויסען
אויפ'ן רעגען אויפ'ן ווינט —
דאך דער קעמפפענדער געווינט!...

און זי שמייכעלט יעדען גאסט צו,
אפט פערבייסענדיג די ליפ,
אך, די „ווײדזשעס“ זיינען קליינע
און דער עיקר איז דער „טיפ“.

יעדער שמייכעל איז א ניקעל,
פון צוויי שמייכלען ווערט א דיים —
אזוי האנדעלט זי מיט שמייכלען,
ביז זי געהט ביי נאכט אהיים.

אין איהר איינזאם־קליינער צימער,
וואלט זיך וויינען איהר געוואלט,
נאר עס לוינט ניט: ס'האט פאר טרערען
קיינער איהר נאך ניט בעצאהלט.

## די קעלנערין.

(אַ ניו־יאָרקער בילד)

...ס'איז אַ רעסטאָראַנט, וואו ס'קומען
זאַטע מענשלעך ווערען זאַט,
יענע הערען די בעקאַנטע,
גערעזירטע ריין און גלאַט...

פון די אויגען וועהט אַ קאַלטקייט
און עס דאַכט זיך, דאָרט וואָס פריהרט...
פונקט אַ באַרבער וואָלט פון הארצען
די געפיהלען אויסראַזירט...

דאָך דערלאַנגט די שעהנע בעללא
זיי דאָס עסען, צו דעם טרונק,
פלאַמט אין זיי'רע לעערע הערצער
אויף אַ ווילד־בעסטיאַלער פונק.

„אַפּעטיטליך!" — פליסטערט איינער
צו דעם צווייטען, ווען ער פרעסט,
און זיי שלינגען זי מיט בליקען,
יעדען קעהר פון איהר און זשעסט.

אָבער בעללא האַסט זיי אַלע,
דען זי קען זיי אַלע גוט!
דאָך אַ קעלנערין איז בעללא,
איהרע פליכטען בלויז זי טהוט!

„נו, איז דאָך געבליעבען א הויז מן הסתם!" —
דאַ ווישט זיך דער העלד אוים די אויגען:
דאָס הויז האָט אַ קריסטליכער שכן פערכאַפּט
און האָט דאָרט אריין זיך געצויגען...

— „אזוי איז די מעשה... ווי באלד אז דו האָסט
אין ערגיץ קיין היים איצט, מיין ליעבער, —
דאַן מוזען מיר שיקען דיר זוכען דיין פּלאַץ
צוריק אין די גראָבענס און גריבער"...

און שטיל איז געוואָרען דער אידישער העלד
און מעהר ניט געהאט וואָס צו זאָגען, —
געוואָרפען א בליק צו דעם קרייץ אויף דער ברוסט,
און האָט זיך געשעמט איהם צו טראָגען...

## דער איד מיטין קרייץ.

צוויי מאָנאַט איז יוסף — אַ העלד אַ סאָלדאַט —
אין מאָסקווער שפּיטאָל אָבגעלעגען;
געקומען צו זיך נאָך די וואונדען און באַלד
מען הויבט אָן אַ שאלה צו פרעגען:

ווער איז ער, דער העלד מיט'ן קרייץ אויפ'ן ברוסט,
געהערט ער צום אידישען גלויבען?
אַ איד איז דער העלד מיט'ן קרייץ און מען קען
איהם בלייבען דאָ מעהר נישט ערלויבען.

נאָך ש ו ו אַ ך איז דער איד מיט'ן קרייץ אויף דער ברוסט,
מוז רוהען אַ צוויי דריי מאָנאַטען —
נו, וועט מען איהם שיקען צוריק אין דער היים
אין אידישען תחום, צו זיין טאַטען...

דאַן ענטפערט דער איד מיט'ן קרייץ אויף דער ברוסט:
מיין טאַטע אין קריג איז געגאַנגען;
צי לעבט ער נאָך ערגיץ, צי ליעגט ער וואו טויט?
צי אפשר ביי'ן שונא געפאַנגען?...

דאַן טראַכט מען אַ מיטעל: עס איז דאָך געוויס
אַ מאַמע, אַ שוועסטער געבליעבען?
און ס'ענטפערט פערביטערט דער העלד מיט'ן קרייץ:
מען האָט זיי פון דאָרטען פערטריעבען...

— אין טעאטער — זאָגט דער צווייטער —
בין איך נעכטען שוין געוועזען.
איך וועל אין דער [illegible] בלייבען,
כ'האָב אַ וויכטיג בוך צו לעזען.

און זיי קוקען אָן זיך ביידע
ווי זיי וואָלטען וואס פערשטאנען;
ווי אמאָל דאָרט אין מאָלעדאָ
צוויי אונגליקליכע מאראנען...

## די צוויי ראַדיקאַלען.
(ניו־יאָרקער באַלאַדע)

ערב פּסח. העל און ליכטיג
און דאָס לעבען שלאָגט מיט קוואַלען;
אין קאַפע־הויז ביי אַ טישעל,
זיצען זיך צוויי ראַדיקאַלען.

מיט פערבענקטע שטומע בליקען
קוקעןביידע זיי זיך איבער,
באַלד דאַרף אָנקומען דער אָווענט,
און זיי ווערען טריב און טריבער.

ביידע זעהען זיי אַ סדר
פאַר די אויגען פּרעכטיג, הערליך;
אָבער רעדען וועגען סדר,
איז פאַר ביידען גלייך געפעהרליך.

„ס'קען „ארויסגעבען" דער חבר
באַלד מיין אידישקייט, וואָס ווייס איך?
טראַכט זיך איינער ווי דער צווייטער —
און זיי רעדען ניט פון פּסח...

זיצען לאַנג די ראַדיקאַלען,
ביז דאָס שווייגען ווערט זיי פיינליך;
— געהט איהר ערגיץ היינט אין אָווענט?
— אין טעאַטער העכסט וואַרשיינליך.

און הונגריג שטעהט ער מיט בענקשאפט אין בליק
און הויבט אָן דאָס ערשטע מאָל פלוכען,
און לאָזט זיך אין גאסען און מארקען ארום
אליהו הנביא צו זוכען . . .

אָלס זינדיגער מענש איז ער ניט אין שטאנד
אליהו'ן דערזעהן! שוין פערפאַלען!
אזוי ווערט דער מלאך אלס ארימער מענש
וואס וייטער אלץ מעהרער געפאַלען . . .

ער ווערט אויף דער ערד דאָ פערשפּאָט און פערלאַכט
און קיינער פערשטעהט ניט זיין וועזען,
און אומעדום שטרויכעלט זיין פוס און ער פאַלט — — — —
ער איז דאָך אַ מלאך געוועזען! . . .

דער וואָגען איז פערטיג, אליהו איז גרייט,
ער גריסט זיי: אויף ווידער זעהן, קינדער!
און לאָזט זיך אויף דר'ערד צו די סדרים אראָפּ,
און טראָגט זיך געשווינד און געשווינדער.

ער קוקט זיך ארום, ערשט א מלאך ביי'ן זייט
פון וואָגען זיך האָט אָנגעהאנגען,
די ווייסינקע פליגעל צוקנייטשט און פערשטויבט —
די אויגען פול תאוה, פערלאנגען . . .

אליהו הנביא, ער זיפצט דאן: וואוהין?
דו וועסט אויף דער ערד זיך פערלירען,
פערפאלען! איך האָב שוין אויף דיר מעהר קיין רעכט,
אין הימעל צוריק דיר צו פיהרען.

ער לאָזט איהם אראָב אין א שטאָדט אין דער פרעמד
פערוואנדעלט אין מענשליכע קליידער . . .
אין הייזער איז ליכטיג . . . עס קלינגט „כל דכפין!“ —
מען פראוועט דעם פרעהליכען סדר.

דער מלאך ער פיהלט זיך אין גאנצען שוין מענש,
און הויבט אָן באלד הונגער צו שפירען;
ער לאָזט זיך מיט שמחה וואו ס'קלינגט כל דכפין:
אָ, וואונדער! פערשפארט אלע טירען!

פערשטעהט ער קיין לשון־הקודש דען ניט?
צי זאָל ער די מענשען ניט גלויבען?...
און הונגעריג שטעהט ער מיט בענקשאפט אין בליק
און סלאָגט זיך פאר גאָט. דארטען אויבען . .

זיי ווענדען זיך דאן צו דעם איינציגען מאן,
וואס האט אויף דער ערד זיך ערצוינגען —
אליהו הנביא — זיי פרעגען איהם אוים
און קוקען איהם טריי אין די אויגען.

אליהו הנביא — ער שמייכעלט אין בארד:
איהר זייט דא אזעלכע נאאיווע ! . . .
און לענט פאר זיי אוים דאן דאס לעבען אויף דר'ערד,
אזוי ווי א ראש פון ישיבה.

זיין שטימע זי הויבט זיך, זיין שטימע זי פאלט,
דא בייז און דא זאנפט, ווי צום בענשען;
אן אנדרערער ווערט אליהו ווען ער
דערצעהלט זיי פון ערד און פון מענשען.

עס הויבען זיך אן ביי מלאכים פאר שרעק
א פליענעל אן פליענעל צו פאכען,
אזוי ווי להבדיל ביי מענשען די צייהן,
אזוי ווי ביי די מענשען די קנאכען . . .

דאך קומט ערב פסח און ס'קלויבט זיך אין וועג
אליהו הנביא גאנץ מונטער,
דאן זיינען גאר מאנכע מלאכים פערבענקט
און קוקען אראפ אלץ, ארונטער . . .

די יונגערע מאכען דעם וואגען איהם גרייט,
א וואגען פון פייער און בליצען,
און בעטען איהם אוים'עט מיט שטראהלען און שיין,
בעקוועמער זאל זיין איהם צו זיצען.

## דער פערבלאָנדזשעטער מלאך.

אין הימעל איז רוהיג, אין הימעל איז שטיל —
מלאכים, זיי זיינען ערצויגענע:
די פליגעל זיי רוישען קוים־קוים וואס מען הערט,
דער פליה איז געמאָסטען געוואוינען.

און ריידען זיי וואס, איז עס לויטער מוזיק,
א שטילע מוזיק, אהן געטימעל,
ניטאָ דאָרט קיין באס, און ניטאָ קיין טראמבאָן,
קיין פויקען, קיין טאצען אין הימעל . . .

און פליהען זיי אפטמאל א מארש דורך פאר נאַכט,
(אין הימעל טרעפט אויך א פאראדע),
דאן מאכען די פארבען פון פאָהנען נים בלינד, —
די רויטע — די פעהלט דאָרט אווארע . . .

מען זינגט דאָרט קיין ליעדער פון פרייהייט, פון קאמפף,
עס זיינען ניטאָ דאָרט קיין מאסען:
עס זשומט בלויז א „קדוש" דער הימלישער כאָר
און ס'יובל'ען די הימלישע גאסען.

* * *

זיי הערען אמאָל א נערים פון דער ערד,
דאן הויבען זיי אָן זיך צו שעמען:
זיי הערען פון רויב און זיי הערען פון מאָרד,
און קענען עס דאָך נים בענעהמען.

דאָס פאָלק האָט געיובעלט, די שמחה
דערגרייכט האָט דעם הייסעסטען גראַד,
ווען מען האָט איהם אַ קעניג אַ צווייטען
אין טעמפּעל געקרוינט מיט פּאַראַד.

עס האָבען די פּריסטער געצויגען
די גלעקער אַרויף און אַראָב,
ווען מען האָט איהם געזאַלבט און דעם בוימאויל
גענאָסען, געטריעפט אויף זיין קאָפּ.

עס איז אַרום טעמפּעל געשטאַנען
דאָס פאָלק אין דער ברייט, אין דער לענג,
דאָך אָרדענונג האָט מען געהאַלטען
און ס'האָט זיך געפיהלט אַזוי שטרענג.

מ'האָט זיך געשושקעט : „דער קעניג
דער נייער איז גרויזאם און שלעכט".
דאָך יעדער געווען איז צופריעדען
ווי ס'קענען צופריעדען זיין קנעכט.

די דיענסט און די נעהטאָרין, ביידע,
זיי האָבען דאָ אויך ניט געפעהלט
אין נייענקע ציצענע קליידלעך
און גליקליך געווען ווי די וועלט.

און איז זי א דיענסט גאַר געוועזען,
אויך דאָן ניט געשעמט האָט ער זיך,
און נאָכגעפרעגט האָט ער: ווי געהט איהר,
צי שווער איז די ארבייט אין קיך?

צי לעבט דאָרט די „הערשאַפט“ בשלום,
צי איז נאָך דער הערר ניט צו אַלט?
פערבלנדזשעט אמאָל ער אין קיך נישט,
צי שווייגט זי. צי מאכט זי געוואַלט?

און אַנדערע פראַגען אַזעלכע,
וואס זיינען גאַר נאַריש אין פלוג:
אין גרונד דאָך גענומען: טיעף מענשליך
און אמת ערהאבען און קלוג.

דאָך פלאָך איז א יעדער מיניסטער,
און פלאָך אלע שררות אין הויף;
זיי האָבען דאָס אַלץ ניט פערשטאַנען
און האָבען געמורמעלט דערויף:

א קעניג, פון גאָט א געזאַלבטער,
זאָל זיין אזוי מענשליך און גוט!
ווער רעדט נאָך — די קעניגען — **איהר** האָט
געקאָכט אויפ׳ן קעניג דאָס בלוט!

נון, האָבען זיי אלע אין איינעם
דאָס פאָלק קעגען איהם אַלץ געהעצט,
ביז מ׳האָט איהם, דעם קעניג, דעם גוטען,
פון טראָהן־שטוהל ארונטערגעזעצט.

## דער גוטער קעניג און דאָס פאָלק.

אמאָל איז — דערצעהלט מען — געוועזען
אַ קעניג אין ערגעץ אַ לאנד ;
ער פלעגט אין די גאַסען פון הויפּטשטאָדט
ארומגעהן אהן וואף ביי דער האנד.

ער פלעגט אין די גאַסען ארומגעהן,
ווי יעדער געוועהנליכער מאַן,
ער פלעגט זיך אוועקשטעלען רעדען
אפילו מיט אַן אָרימאַן.

ער האָט זיך געפיהרט לויט זיין שכל
און לויט ווי זיין הארץ האָט דיקטירט —
און האָט ער אַ מיידעל בעגעגענט,
האָט אויך ער אַ שמועס פערפיהרט.

אַ נעטהאַרצען מעג זיין דאָס מיידעל,
דאָס מאכט איהם צו איהר אויך ניט פרעמד ;
ער פרעגט איהר : צי האָט זי אַ חתן ?
און וויפיל זי נעהמט פאר אַ העמד ?

און וויפיעל אזייגער זי ענדיגט
איהר ארבייט אין ענגער פאבריק ?
צו בלייבט איהר אביסעלע צייט נאָך
געניסען פון ליעבע און גליק ?

ו.

כך הוה ! . . . ר' יוסף דער חסיד ער קומט
צום שטיבעל... ער הערט ווי דארט אינווייניג ברומט . . .
ער שטעהט נאך א ווייל, ווי ער וואלט זיך בעטראכט
דאך שטורעמדיג־פינסטערער ווערט אלץ די נאכט...!
ער האט שוין קיין כח צו שטעהן אויף די פיס,
ער מאהלט, אז אין שטיבעל איז וואַרעם געוויס . . .
ווען שדים אפילו... וואס קען ער איצט טהאן ?
און יוסף דער חסיד אין טיר קלאפט גלייך אן !

* * *

און וואס איז געווארען מיט'ן חסיד דערנאך ?
צו האט ער געשפאנט זיך אין טייוועלשען יאך ?
צו האט ער בעקומען די אמת'ע רוה ?
צו האבען די ציצית געהאלפען דערצו ?
טשיקאווע צו וויסען און אינטערעסאנט . . .
נור דאס איז נאך קיינעם ביז איצט נים בעקאנט.
דער עיקר — דער מוסר : אין צייטען פון שרעק
ווער אויב'עט א חסיד צום טייוועל אוועק ! . . .

דאָס דונערט . . .   ר׳ יוסף א ברכה ער מאַכט —
וואָס ברכה ?   ווען ברכה ? — דער הימעל ער לאַכט !
„שכחו וגבורתו !“ חאַ־חאַ !   און טראַך־טראַך !
און באַלד א שלאָגס־רעגען... א שרעקליכע זאַך ! . . .
א קנאַל פון דונער, א בליאַסק פון א בליץ,
און פינסטערער ווערט נאָך !... דו גאָט !   א, בעשיץ . .

ד

און ווי יוסף געהט אַלץ אין חשך געדיכט
דערזעהט ער עס לויכט זיך אין ערגעץ א ליכט . . .
א ליכט פון א שטיבעל, וואָס רופט איהם און ווינקט . . .
ער לאָזט זיך צום ליכט און דאָס האַרץ זיינס — עס שפּרינגט...
זיין פרייד איז א האַלבע . . .   א העלפט איז דער צער . . .
ווייל יוסף דער חסיד, ער איז ניט קיין נאַר.
עס האָט שוין מיט גרויסע חסידים פּאַסירט
זיי זיינען פון לצים געוואָרען פאַרפיהרט . . .

ה.

דער חשק צום לעבען ביים חסיד ערוואַכט :
וואָס וועט ער דאָ שטאַרבען אין שרעקליכער נאַכט
אפילו ניט קומען צו קבורת ישראל,
פון דונער דערשלאָגען אין פינסטערען טאָל . . .
דאָרט וואוינען ניט גוטע, דאָרט הערשט גאָטעס פּלוך . . .
נו. טראָגט ער דאָך ציצית... אויך האָט ער א שפּרוך . . .
דאָס וועט איהם בעשיצען פון דעם אשמדאי
ביז וואַנען ער וועט ווערען מיט בורא׳ס הילף פריי . . .

# יוסף חסיד.

## א.

געגאנגען איז יוסף דער חסיד אמאל
אין וועג, צווישען בערג, צווישען פעלדער און טאל . . .
ארום איז געווען אזוי אנגענעהם גום,
די ערד און דער הימעל — זיי האבען גערוהט !
אזוי געהט ער און געהט אין מחשבות פערטראכט
און לויבט דעם בעשעפער, וואס האט אלץ געמאכט,
און פליסטערט א תפלה און מורמעלט א ליעד,
און געהט זיך אלץ ווייטער, און ווערט גאר ניט מיעד . . .

## ב.

און וועלענדיג, גרייכען אהין זאל זיין לויב,
האט ער צו דעם הימעל געגעבען א הויב
די אויגען די קלארע, ווי שפיגעלעך צוויי — — —
און פלוצים דערזעהט ער : דער הימעל — אוי וועה ! —
אין גאנצען אין פינסטערע כמארעם בעדעקט ;
ר' יוסף איז גלויביג, דאס הארץ זיינס דאך שרעקט :
ער איז שוין פערגאנגען פון היים אזא שטיק —
ווי געהט מען איצט ווייטער ? ווי געהט מען צוריק ?

## ג.

דער הימעל אלץ שווארצער און פינסטערער ווערט,
און יוסף דער חסיד א קנאל באלד דערהערט . . . .

דאַן נעהמט זי אַן איהם פאַר דער האַנד
און זאָגט: — „דו ווייסט, איך בין איין שטאַנד
פערצוייבערען דיך אויף אַלע מאָל,
עס זאָל ניט שאַדען דיר קיין קויל"....

דער קאָזאַק שטעלט די אויגען אויס
און צווייפעל קוקט פון זייי אַרויס:
ער גלעט דעם שטערען און ער לאַכט:
זאָג ווי אַזוי וואָלסט' עס געמאַכט?

דאַן שמייכעלט זי צו איהם פערשייט:
איך האָב צו טהון מיט יענע לייט,
איך האָב אַליין פער'כשוף'ט זיך
און ס'קען קיין קויל ניט טויטען מיך.

גוטמוטיג לאַכט דער קאָזאַק: ניין...
דאַן ענטפערט זי, פּרוביר אַליין...
אַט שטעהט דיין ביקס לאָד אָן און שיעס
און שאַדען וועט מיר ניט געוויס...

דער קאָזאַק טראַכט: דאָס איז כדאי...
ער לאָדט דאָס ביקס און ציעלט זיך פריי.
דאָס מיידעל שטעהט פּונקט ווי פערשטאַרט,
דאָך שמייכעלט זי צו איהם און וואַרט..

אַ קנאַל פון ביקס... געטראָפען גלייך...
דאָס מיידעל ליעגט אין בלוט אַ טייך..
דער קאָזאַק פאַלט צום קערפּער צו
און קריצט די ציין: ו ו י פ אַ ל ש ביזט דו!...

און אַט איז זי אין קאַזאַקס צעלט —
אַ שטיבעלע אין מיטען פעלד
און פרעמדע בילדער אויף די ווענט
און פרעמדע ליכט אין ווינקעל ברענט . . .

דער קאַזאַק נעמט זי פאַר דער האַנד ;
זי איז זיך ווערהרען ניט אין שטאַנד,
זי בעט זיך שטיל : לאַז אָפּ, לאַז אָפּ !
און זינקט איהר שענעם, שטאַלצען קאָפּ !

דער קאַזאַק נעהמט זי פעסטער אָן
און לאַכט : וואָס קענסטו איצטער טאָן ?
דיין היים פערוויסט מיט פייער, שווערד,
האַסט קיינעם אויסער מיך אויף ד׳ר׳ערד...

„— בלויז דיך אליין ? מעהר קיינעם איצט?״..
אין איהרע אויגען פייער בליצט . . .
איהר שטאַלצער קאָפּ האָט וואָס פערטראַכט
און רוהיג ווערט זי און זי לאַכט . .

— „מיין ליעבער, הער, ווי באַלד אַזוי,
בין וויליג איך צו זיין דיין פרוי,
דאָך מוז איך זאָגען ווער איך בין :
זיי וויסען : כ׳בין אַ צויבערין ! . . .

דער קאַזאַק הערט זי אויס און שטוינט :
צי האָט די זאָך איהם גאָר געלוינט ! . . .
אַ צויבערין ביי זיך גאָר אין שטיב...
דאָך האָט ער זי שוין צופיעל ליעב . . .

## די צויבערין.

איך הער ווי אַן אַבקלאַנג פון פינסטערע ווייטען,
עס וועבט זיך אַ מעשה פון דונקעלע צייטען.
אַ מעשה אַן אַלטע, פון חמעלניצקי׳ס טעג —
עס רוישט פון קאָזאַקען דאָס ווילדע געיעג . . .

צי האָב איך די מעשה, ווען קינד בין געוועזען
פון זיידען געהערט, צי אין ביכער געלעזען,
עס איז אַזוי נאָהענט, עס איז אַזוי ווייט —
זי גלויבט זיך און פאַסט זיך אין היינטינער צייט...

*   *   *

עס פליהט אַ קאָזאַק אויף זיין פערד,
עס טרייסעלט אונטער איהם די ערד:
און ניט אַליין דער קאָזאַק רייט —
אַ מיידעל האַלט ער ביי דער זייט.

די האָר צופלאָסענע אין ווינד
זעהט ווי אַ מלאך אוים דאָס קינד . . .
דער טייוועל האַלט זי דאָך אין האַנד
און פליהען איז זי ניט אין שטאַנד.

דער קאָזאַק איז צו איהר דאָך גוט
און ווילד און ווילדער קאָכט זיין בלוט . .
ער פליהט מיט איהר אַהיים צו זיך
און זיינע ווערען דאַרף זי ניך...

אריין אין דער קרעטשמע דעם ברודער דאָרט קריגען.
אין קרעטשמע — האַלב טונקעל, דאָך גוט, אַ פערגנינגען...
דער קרעטשמער אַ איד אַזאַ גוטער, אַ שטילער,
ער גיט איהם אָב „שלום" און פרעגט איהם : וואָס וויל ער?
—איך וויל זעהן מיין ברודער—„אַט שלאָפט ער אין ווינקעל !..."
אין קאָפּ האָט דעם רייכען געטהון וואָס אַ פּינקעל.
עס האָט זיך דער רייכער בעטראַכט, אַז זיין ברודער
איז רוהיג און גליקליך... צו וואָס דער גערודער ? . .
וואָס איז ער געקומען מיט איהם זיך צו טיילען ?..
דאָס גליק פון דעם מענשען איז טיעף דאָך פערהיילען . . .
אַ פּאַלאַץ, אַ קרעטשמע — ווער קען אונטערשיידען.
דער עיקר די רוהע. דער עיקר דער פריעדען . . .
און ס'איז איהם געוואָרען אַ שאָד גאָר צו וועקען
דעם אָרימען ברודער אין מיטען דערשרעקען . . .
און האָט דאָרט דעם ברודער געלאָזען נאָך שלאָפען
אליין איז ער שטיל און בגנבה אַנטלאָפען . . .

## צוויי ברידער.

אזוי און אזוי זאָל די מעשה זיך לעזען :
עס זיינען פּערצייטען צוויי ברידער געוועזען.
אָן עושר איז איינער געוועזען, דער אַנד׳רער
אָן אָרימער מענשעל, אַ שטענדיגער וואַנד׳רער.
האָט איינמאָל דער אָרמער געבראַכט זיך צושלעפּען
צום ברודער צום רייכען — עס קען זיך נישט קלעפּען !
בעוואָרען איז פול גאָר די הערצער ביי ביידען,
דאָך שווער איז געוועזען זיך פונאַנדער צו ריידען.
— „וואָס מאַכסטו ?" — דו זעהסט דאָך . . . — „וואָס מאַכסטו?
דו זעהסט דאָך!"
עס שמייכעלט דאָס פּנים — אין הארצען עס פּרעסט דאָך . . .
און מעהר האָבען זיי ניט געקענט עפּעס פרעגען,
ווי שטיינער וואָלט ביידען אין הארצען געלעגען . . .
און האָבען זיך אַנגעקוקט ביידע פערשעמטע
און האָבען געשיידט זיך מיט הערצער צוקלעמטע . . .

---

ביינאַכט האָט דער רייכער גענומען בעקלערען :
פאַר וואָס זאָל די רייכקייט אַליין איהם געהערען,
און יענער — זיין ברודער — אַ דאַבלאָזער, מיערער,
זאָל וואַנדערען עלענד — זיי זיינען דאָך ברידער ! —
און האָט גאָר בשתיקה פון ווייב און פון קינדער
געשפּאַנט פּערד און וואַגען, געלאָזט זיך געשווינדער
זיין אָרימען ברודער דערגרייכען, דעריאָגען :
ער וועט איהם שוין אַלעס דערצעהלען און זאָגען . . .
געיאָגט האָט ער איין טאָג, אַ צווייטען, אַ דריטען,
ביז וואַן ער דערזעהן האָט אַ קרעטשמע אין מיטען.

## די גאָלדערנע קייט.
(צום אָנדענקען פון י. ל. פּרץ.)

אַמאָל איז געוועזען אַ גאָלדענע קייט,
ביי׳ן פאָלק ביי דעם אַלטען,
ווער האָט דען געוואוסט וואו געלעגען איז זי
פערשטויבט און בעהאַלטען.

אַ טייל פון דעם פאָלק פערגעסען האָט לאַנג
זיין גרויסען פערמעגען,
און יאָהרען זיי זיינען פערגאַנגען, די קייט
אין שטויב איז געלעגען.

דאָס פאָלק האָט צו פרעמדע געשטרעקט זיינע הענד,
ביי פרעמדע גענומען,
און יענע, זיי האָבען פעראַכט אונז דערפאַר —
ביז ער איז געקומען.

ער האָט אויסגעזוכט אונזער גאָלדענע קייט
פון דונקעלע ווינקלען,
ער האָט זי דערלאַנגט אונז . . . ווי ניי אויסגעשמיערט
מיט אייביגען פינקלען.

עס האָט זיך דערוועקט אונזער יוגענד און שטאָלץ
ביי יעדען בעזונדער . . .
די גאָלדענע קייט איז בלויז איינער געווען
פון פיעל זיינע וואונדער...

וועלכע ליעד מיר הערען
איז בעקאַנט דער טאַן,
וועלכער מייך עס ריזעלט
וועהט א בענקשאפט אַן.

וועלכע פאָהן עס פלאַטערט
גריסט זי אונז בעקאַנט.
וועלכע שיף עס זעגעלט —
צו אַ ברודער׳ס לאַנד !

## אין די ווייטסטע לענדער.
(אידישע הימן).

אין די ווייטסטע לענדער
זיינען מיר צושפרייט —
יעדער טייל א רינגעל
אין דער לאנגער קייט.

ביי די אלע טייכען,
נישט פון בבל בלויז,
זיינען מיר געזעסען
זוכענדיג א הויז.

איצטער איז אונז טייער
גאר די גאנצע וועלט.
ס'שטעהט ביי ווייטסטע ברעגען
אונזערס א געצעלט . . .

איצטער איז אונז טייער
ווייכסעל און דער רהיין
און דער ברייטער דניעפער
רוישט אונז אויכעט שיין . . .

און דער פרייער האדסאן
ווינקט אונז פריינדליך צו
(דא, ביי זיינע ברעגען
קריגען מיר ערשט רוה !

אָדער אין אויטאָמאָבילס
וואָלטען זיי אומפּליהען —
נארען אָבער מוזען דאָך
שטונדען נײַן זיך מיהען.

נײַן א האַלבע אייגענטליך —
מ׳דאַרף דאָס ניט פערגעסען :
יעדער נאר האָט אויסגעקעמפּפט
א האַלבע שעה אויף עסען.

בלויז א האַלבע שעה, אויב מעהר
ווערגט זיי שוין דער ביסען :
טאָמער לעננער עסט דער נאר
וועט דער קלוגער וויסען.

פון די קלוגע איז אן אוהר
אזא מין געשאַפען,
צײַנט ער באלד : פערשפּעטיגט האָט
איינער פון די שקלאַפען . . .

און אז ס׳קומט די ענדע וואָך
ווען מען צאָהלט צו ביסליך
רעכענט מען די רגעס אָפּ —
און דאָס איז פערדריסליך . . .

## אין א גאס אין מיטען שטאָט.

אין א גאס אין מיטען שטאָדט
ליעגט א נעץ געביידען;
ס'וואָלטען פיעלע לייט געוואָלט
די געביידען — מיידען . . .

קיינער שיקט די לייט אהין
דאָרטען צו פערשפּארען;
ביין, זיי לויפען אין דער פריה
נאָר אליין די נארען . . .

נאָר אליין זיי שטעהען אויף,
ווי עס הויבט אָן טאָגען
און פון אָלע עקען שטאָדט
נעהמען זיי זיך יאָגען.

וואָלטען זיי ווי אנדערע
קלוג אזוי געוועזען,
וואָלטען זיי אין קוהלען פּארק
זיצען איצט און לעזען.

אָדער אין דער היים א בוך,
(דאָס וואָלט אויך דערלאנגען
זיי א דיענסט) שפּאצירען גאָר
וואָלטען זיי געגאנגען.

ניין, איך וועל אהיים ניט פאהרען —
כ'שעם מיך ווייזען מיינע יאהרען
פאר מיין געסיל, פאר מיין שמיבעל —
האבען וועלען זיי פאראיבעל....

אח, זיי האבען מיר ערצויגען
מיט א העלען בליק אין ד'אויגען:
און זיי האבען מיר געגעבען
מוטה און שטאלץ צום וועג פון לעבען.

אויך האב איך ביי זיי גענומען
קוואלען ליעדער, האפנונגס־בלומען
און א קאפ — געקרויזט, א שווארצען.
און פול ליעדער אין מיין הארצען...

און זיי וועלען מיר יעצט פרעגען:
וואס האסטו געטהאן אין וועגען?
זעה ווי מיעד דו ביזט, פערמאטערט.
אלץ פערשווענדעט, אלץ געפאטערט!

דו הויבסט דיינע אויגען
צום הימעל ארויף —
פערזעעט איז דער הימעל
מיט שטערען — אהן סוף!

די שטערען די ווייטע,
זיי ווערען דיר נאהנט;
מיר זיינען מיט פיעלע
פון לאנג שוין בעקאנט.

און קומט אן דער שבת,
קומט אן און פערגעהט...
דיין מאמע דיין ליעבע
ביי'ן פענסטער זי שטעהט.

זי קוקט אויפ'ן הימעל
און מורמעלט דערביי:
עס האבען בעוויזען
זיך שטערענדלעך דריי.

אין וואַלקען פערבאָרגען
האָט ער זיין געזיכט
און שעמט זיך צו ווייזען
זיין אייגענע ליכט.

איך האָב אַן מיין שטערטעל
מיין היים באַלד דערמאָנט:
און איז מיר געוואָרען
ווי ליעב און ווי נאָהנט!

די פינסטערע געסליך,
די לאָדען פערמאַכט,
עס הענגט איבער שטיבלעך
די דונקעלע נאַכט.

עס שלאָפען דאָרט אַלע
אין קוויקענדע רוה . . .
דו גייסט מיט דיין מיידעל
און טוליעסט זי צו.

דו זעהסט ניט איהר פּנים
און זי זעהט ניט דיינס,
אייך הויבט זיך אָן דאַכטען:
איהרביידע זענט איינס.

מען זעהט ניט קיין הייזער,
מען זעהט ניט קיין וועג:
נאָר שטערענדליך אויבען
זיי ווייזען א שטעג.

## שטערען

(פראגמענט פון א פאעמא).

איך געה אין די רוישיגע
גאסען פון שטאדט:
די נאכט איז בעלויכטען —
ווי ליכטיג — מיין גאט!

עס בלענדעט די אויגען
עלעקטרישע ליכט
און פייערען שפּריגנען
ארום דיין געזיכט.

אנאנסען . . . אנאנסען
אויף דעכער גאנץ הויך,
און איבער די דעכער
די פייערען אויך.

און איינע א מיידעל
פון פייער געמאכט,
זי טאנצט אויף א לייוועגט,
זי טאנצט און זי לאכט.

און זונען און שטערען
פון מענשליכע הענט! —
איך האב מיך צום הימעל
צום ארמען געווענדעט:

## עס ציהט זיי.

עס ציהט זיי צום שורש, עס ציהט זיי צום שטאם,
די אָרימע ברידער פון יענער זייט ים.
עס רוישט און עס ברויזט די געפונענע וועלט,
די נייע, די פרייע, אויף ניך אויפגעשטעלט.
עס ציהט זיי צו אונז און אונז ציהט צו זיי,
און קראנק זיינען ברידער אין וועלט־טיילען צוויי . . .

## שבת אין ניו-יארק.

דער פאטער קומט פרייטאג פארנאכט
פון פינסטערען שאפ אזוי מיעד:
נאר ס׳האט זיין נשמה ערוואכט
און זינגט שוין איהר שבת׳דיג ליעד.

די מוטער, די ארעמע פרוי,
— צוקנייטשט פאר דער צייט דאס געזיכט —
צוזיפצט זיך: ס׳איז שפעטער שוין אזוי,
און נעהמט זיך צו צינדען די ליכט...

די קינדער — דערצויגען שוין דא —
פערשפיעלטע אין „באל“ און אין „פייט“,
דערפיהלען די הערליכע שעה
און ס׳קוקען די אויגעלעך ווייט . . .

עס שוועבט פאר די אויגען די היים —
פערגעסען, פערגעסט זי זיך ניט!
און ס׳דאכט: עס צעבליהט זיך דער בוים
אויף מעריסאנס שטיינערנע סטריט.

## שפוך חמתך.

שפוך חמתך על הגויים !
די, וואס האבען ניט פערשטאנען
יענע גאולה פון מצרים,
די בעפרייאונג פון טיראנען !

וואס זיי האבען דיך געצוואונגען
אין די קעלערן און הייהלען
זיך בעהאלטען און פון פרייהייט
זיינע קינדער צו דערצעהלען . . .

שפוך חמתך על הגויים !
וואס פערשטעהען ניט גאטס נאמען,
און דער פסח און דער פריהלינג
דיענט א צייכען פאר פראגראמען . . .

ווייל זיי האבען אין די כוסות
דיר געגאסען שרעק און סם,
און פערפלעקט דיין ריינסטען יום־טוב
מיט א בייז־עלילת־דם . . .

## דאָס טייכעל

ווי שען איז געוועזען דאָס טייכעל,
וואָס האָט זיך אין שטעדטעל געפּונען;
ביי'ן ברעג איז א בוימעל געשטאַנען
און האָט זיך חלומות געשפּונען.

ווי קליין איז דאָס טייכעל געוועזען
און רוהיג איהר וועג זיך געגאַנגען;
און קיינמאָל געהאַט קיין בעגעהרען
דעם ים, דעם אוקינוס, דערלאַנגען.

א רוהיגע, שטענדיג א שטילע
און קיינמאָל ארויס פון די ברעגען,
און האָט ניט געשטורעמט אויף דעמאָלט
ווען פול פלעגט איהר מאכען דער רעגען.

האָט קיינמאָל קיין מענשען דערטרונקען,
האָט קיינעמס קיין לעבען פערנומען . . .
א פריינדליכע פלעגט זי עמפּפאַנגען
א יעדען, וואָס ס'פלעגט צו איהר קומען.

## פסח.

גאַנצער ווינטער אין מיין הארצען
איז געווען גליטשיק, חשך.
ס'האָט דער פריהלינג זיך בעוויזען
און אין הארצען איז איצט פסח . . .

אויסגערוימט פון דאָרט דעם חמץ,
אלץ, וואָס ס'איז געוועזען זויער,
אויסגערוימט די שימעל־זאַרגען
און דעם אלטען, קאַלטען טרויער.

כ'פיהל א סדר אין מיין הארצען,
ריין און ליכטיג גאָר א וואונדער:
קום, מיין ליעבסטע, אין מיין הארצען —
זיי די מלכה דאָרט אצונדער! ...

און זאָל זי אים שטאַנד זיין דאָס מעסטעלע קאָרן
צעמאָלען פאַר'ן אָרימען פויער . . .
און פלעגט אמאָל לענגער דער ווינט זיך פערזאַמען
אין ווינט־מיהל געשטאַנען פול — טרויער . . .

## די ווינד-מיהל

אך, וואו איז די ווינט־מיהל פון צייטען פון אלטע,
פון גוטע, אמאליגע יאהרען,
וואס האט אזוי פריינדליך געגריסט מיט די פליגלען,
בשעת מ'איז פערביי איהר געפאהרען!

א זאמדיגער וועג און דער שטויב שטעהט אין זיילען,
די זון שטעהט אין הימעל אין טיעפען,
דאס פערדעלע לויפט זיך און שפרינגט און טאנצט־אונטער
אזוי ווי געוואלט וואלט ער שטיעפען!

דערזעהסטו די ווינט־מיהל אין פעלד פון דער ווייטען,
אן איינזאמע, הויכע און טריעבע;
זי גריסט דיך מיט וועה און עס דאכט זיך זי בעט זיך
א ביסעלע פריינדשאפט און ליעבע . . .

אליין נעבעך שטעהט זי, אהן בוימער, אהן שאטען,
אליין אין דעם פעלד אין דעם שטילען.
אך, וואלט דאך איהר חבר, דער ווינט, איצט געקומען
מיט איהר זיך אביסעל צו שפיעלען!

אך, האט זי געבענקט נאכ'ן ווינט, נאכ'ן גוטען,
וואס זאל זי אביסעל דערפרעהען,
ער זאל איהרע פליגעל, די עלענדע פליגעל
אומארמען, זיי זאלען זיך דרעהען.

## אדר.

### (א הײמיש בילד)

ס'איז דער אדר שוין געקומען,
אוים פון פראָסט און קעלט צו שווידערן!
און די וואסערליך זיי ברומען
און זיי רוישען און זיי פלוידערן.

פון די דעכער קען מען הערען
ווי די טראָפּען טריפען, פליעסען;
און עס דאכט — דאָס זענען טרערען,
פריידענס־טרערען דעכער גיעסען.

אויף די פריזבעס, אין די הויפען
שפּיעלען „רייזעליך“, אברהמלעך“,
און זיי האנדלען און זיי קויפען
אין די כלומרשט'דיגע קרעמלעך.

און די זון זי ווינקט פון הימעל:
כ'וועל אייך שיקען שטראהלען הייסע,
האנדעלט שטיל נאָר, אָהן געטימעל
און ניט שלאָגט זיך, ווי די גרויסע.

אנשטאָדט געלד — האָט איהר גאָר שערבלעך —
וואָס־זשע זאָל אייך, קינדער, ארען?
מיט די עכטע געלד, די קערבלעך,
שפּיעלען זיך די „גרויסע“ נארען . . .

אין מיין שטערטעלע די שוהל —
הערט און שטוינט און בלייבט פערוואונדערט ! —
שטעהט שוין יאהרען זיעבען הונדערט
און מיט קדושה איז זי פול.

אהן טראדיציעס, זאגט איהר, — ניין !
ס'איז אן אויסגעטראכטע מעשה :
פרייטאג עסט מען בולקעס ווייסע,
שבת עסט מען פיש מיט כריין !

## מײַן היים.

(אַן ענטפער צו די „זוכער“ אַ היים פאַר אידען)

כ'בין אַ שטעדטעל'דיגער איד
און איך שעם מיך ניט דאָס זאָגען,
און איך קען עס ניט פערטראָגען,
ווען זיי זאָגען מיר, אז ניט!

דאָרט האָב איך פערבראַכט פיעל יאָהר
אין אַ זויבער קלײנעם שטיבעל;
איך ווער בייז און האָב פעראיבעל
ווען איהר רופט עס גלות גאָר!

איך האָב ליעב מײַן אלטע היים
און איך זאָג עס אײַך אויסדריקליך,
אז געשפיעלט האָב איך זיך גליקליך
ביי די פריזבעליך פון לעהם.

„מילך און האָניג“ — יאָ געווים,
אלץ איז אין דער היים געוועזען,
ניט אין חומש בלויז געלעזען,
מילך און האָניג — אך ווי זיס!

„אהן אַ לאַנד בין איך“ — נישט וואָהר!
דאָס וואָלט דאָך געווען אַ בושה!
אונזער שטיבעל איז בירושה
פון אַן אלטער זיידען גאָר!

אוןביילקע, די טאָכטער, ווערט קיהלער,
און ווענדט זיך ווי דורך א געוויין :
חברים און חברטעס ! שטילער !
דער טאטע — ער קומט באלד צו געהן !

די יוגענד צוגעהט זיך פאמעליך,
דאָס הויז — ווי אַהן פייגעל א נעסט !
און דאָ וואו געווען איז ערשט פרעהליך —
אַז אומעט, א דריקענדער פרעסט ! . . .

## שבת פאַרנאַכט

. . . געדענקסטו די צייטען פון דאַמעלט:
אַ ליעבער, אַ שבת פאַרנאַכט;
עס האָט אין איין הויז זיך פערזאַמעלט
די יוגענד און פרעהליך פערבראַכט.

עס זענען געוועזן דאָרט פיעל יונגען
און מיידלעך אַ סך, גאָר אַ סך...
מיר האָבען געטאַנצט און געזונגען,
פערגעסען דעם וואָכיגען שמאַך.

ווי גרויס איז געוועזען די שמחה:
אַ פרייהייט, אַ פרייהייט אָהן ברעג!
דער טאַטע אוועק איז צו מנחה,
די מאַמע צו שכנות אוועק.

די וועלט איז דאָך אונז'רע אין גאַנצען:
דער טאַטע זאָגט תהלים אין שוהל . . .
און שטערט ניט צו זינגען צו טאַנצען,
מיר ווערען פאַר שמחה ווי דול.

נאָר באַלד הויבט אָן דונקעלער ווערען,
מיר קוקען אין פענסטער ארויס:
עס ווינקען אין הימעל דריי שטערען
און שעפּטשען: דער שבת איז אויס . . .



## פראלאג.

עס ציהט מיך צום אלטען, צום אלטעג,
צו דעם וואס מען רופט עס פערצייטען.
וואס ווינקט און וואס רופט פון א ווייטען
אך נאהענטען לאנד אין גרינסען בעהאלטען . . .

און דאס וואס איז לאנג שוין בעגראבען.
וואס לעבט אין געדאנק :
ביזט תמיד ווי קראנק
נאר בענקשאפט צוריק עס צו האבען ! . . .

„וואו האָט דאָס דיין מאַמע איצטער
אַזוי פיעל געקריגען?"
הויבט דאָס איינגעל אָן צו פּלאַפּלען
לינען איבער ליגען.

און דער אַלטער גוטער זיידע
קניימשט נאָך מעהר דעם שטערען:
עפּעס רעכטס צוריק צו שיקען
וויל ער ערשט בעקלערען.

און ער זוכט אין אַלע ווינקלעך
שפּרייזט אין די פּאַנטאָפעל:
„פאַר דער מאַמע שלח־מנות
שיק איך צוויי קאַרטאָפעל" . . .

פליהט דאָס אייניקעל מיט שמחה
צו דער מאַמע שנעלער:
מאַמע, מאַמע — צוויי קאַרטאָפּעל!...
גלויבסט ניט? — זעה אין טעלער.

און די מאַמע קוקט אין טעלער:
„אמת, אויף נמנות"! — — — — —
אַזוי שיקען זיי זיך דאָרטען
איצטער שלח־מנות! . . .

פאמעראנצען . . . ס׳וואלט געוועזען
גוט מיט זיי זיך לאבען,
אבער זאלץ אביסעל מוזט איהר
נויטיגער נאך האבען.

און א קליינעם שטיקעל צוקער
ווען איהר קריגט אצינדער,
צו דערוואַרמען, צו דערקוויקען
די פערשמאכטע קינדער!

כ׳טראג זיך איבער צו די ברידער
בילדער זעה איך העלער:
ס׳לויפט א אינגעלע א בלאסער
טראגט אין האנד א טעלער.

נאך, אין הויז פון אלע מאנסביל
איז בלויז ער געבליבען:
שלח מנות צו דעם זיידען,
טראגט ער צו דעם ליעבען.

זיידע! זיידע! הויבט דאס אינגעל
לוסטיג זיך צו מאכען
שלח־מנות פון דער מאמען —
לויטער גוטע זאכען!

דעקט דער זיידע אויף דעם טעלער:
וואס פאר א פערמעגען:
זאלץ זעקס קערנער, צוויי בראָק צוקער!
הויבט ער אן צו פרעגען:

## שלח מנות.

כ'טראַג זיך איבער צו די ברידער,
איבער'ן ים אוקינוס:
ווי זיי שיקען אין מלחמה
דאָרטען שלח־מנות...

פרימער זייט איהר ווי געוועזען
אין די פינסטע'רע ווינקלען:
(נאָלד וואָס מעהר עס ווערט געלייטערט
מעהרער וועט עס פינקלען).

שלח־מנות איז א מנהג —
איהר וועט איהם ניט שטערען —
וואָס־זשע קריגט איהר אין די לענדער
דאָרט פון בלוט און טרערען?

פאָמעראַנצען און ציטרינען —
זאָל איך עס דען גלויבען,
דאָך צי קענט איהר אזא לוקסוס
איצטער זיך ערלויבען?

ווען א שטיקעל ברויט צו קריגען
איז ניטאָ אין גאַנצען,
זאָלט איהר טראַכטען פון ציטרינען
און פון פאָמעראַנצען!

מיר זיינען פון וועלט די פרושים,
אויף „טעג" ביי די פעלקער בעשטעלט,
דאָ מאָנטאג, דאָ דינסטאג, דאָ מיטוואָך, —
אַ שבת, א שבת — בלויז פעהלט ! . . .

## וועלט-פרושים

מיר זיינען פון וועלט די פרושים,
מיר עסען ביי פעלקע בלויז „טעג“ ;
מיר זיינען זיך עוסק אין תורה,
די פעלקער אין קריעג, אין געשלעג.

מיר האבען ביי רוסלאנד א „מאנטאג“
א ביטערער טאג, וואס ער גיעט :
דאס ברויט איז געזאלצען פון טרערען,
ער צעהלט יעדער ביסען און היט.

מיר גערען מיט רוקענס געבויגען
און גלאצען די אויגען צו גאט,
און זי, די בעוואפענטע אומה,
זי מאכט אונז צו שאנד און צו שפאט . . .

און טוישען מיר אוים אונזער מאנטאג,
די אומה, די צווייטע, זי אויך
פערגינט ניט דעם ביסען און קרימט זיך,
און זעטיגט אין קיך אונז מיט רויך . . .

און קריגען א טאג מיר א רייכען,
און כאפען אמאל אויך אין באר, —
פערלאנגט מען פון אונז, אז מיר זאלען
די נשמה זיי געבען דערפאר . . .

„א איר איבער זעכציג...
האָט אייניקלעך צוויי —
מען זאגט, אז ער דיענט איצט
צוזאמען מיט זיי..

„דעם גרויסען בית־מדרש
געדענקסט פון אמאָל...
געמאכט האָט מען איצטער
פון איהם א שפּיטאָל...

„דער רב האָט גע'פּסק'נט,
אז כלומרשט מען מעג...
(אזוי ווי עס וואָלט איהם
ווער געבען א פרעג...)

„נאָר אונזער בית־עולם —
אזוי רעדט מען אין שטאָדט —
איהם וועט מען ניט טשעפּען...
בעהיטען זאָל גאָט!...

„וואו וואָלטען מיר איצטער
די צייט דען פערבראכט?
מיר ליגען דאָרט אָפּ'עט
ביז שפּעט אין דער נאכט...

„ווייל ערשטענס איז טאָקע
דאָס הארץ אזוי שווער...
און אויך איז דאָס לעבען
דאָרט זיכערער מעהר“...

„איך וואלט אייך געשריעבען
פון צרות א סך —
מען מוז אבער רוסיש,
איך קען ניט די שפּראך...

„איך שיק אהן א מארקע,
זייט מוחל — בעצאהלט...
ווי וואלט איך אצינדער
ביי אייך זיין געוואלט!...

„עס קומען „זאפּאסנע" —
דאס שטעדטעל זיך שרעקט...
(דא קומט נאך א שורה —
פון צענזאר פערמעקט...

וואס זאל עס בעדייטען?...
פיעלייכט א פּאגראם?...
אך, ס'האט אונזער אונגליק
קיין גרונד און קיין תהום!...)

„מיר שרייבט דער אפּטייקער —
ער הינקט אויף איין פוס,
א־ניט וואלט ער אויכעט
אין קריעג זיין געווים...

„ניטא איצט קיין יחום —
אפילו דער גביר,
ר' אייזיק — ער טראגט איצט
דעם קייסער'ס מונדיר...

# מלחמה-בריעף.

עס קומען שוין בריעף אן
פון יענער זייט מעער:
אך, איטליכער אות איז
א בלוטיגע טרעהר...

דאס שרייבען די שוועסטער,
פערהונגערט, פערשמאכט. —
(די ברידער זיי זיינען
אוועק אין דער שלאכט!)

דאס שרייבען די מאמעס
צו זייערע זיהן. —
(די טאטעס — אוועק אלע
אין קריעג — דארט אהין!...)

דאס שרייבען די באבעס
מיט טרעהרען שטאט טינט:
א בלוטיג געלעכטער —
דער זיידע — ער „דיענט"!)

* * *

אט האט איהר א מוסטער —
א בריעף פון א פרוי.—
זי שרייבט און עס לעזט זיך
בערך אזוי:

און האָט צופיעל געשאפּט . . . אַך, דאַרף דאָך איצט זיין גוט !
ס'האָט קליידער אַנגענעהם, ס'האָט הייזער אַנגעבוים,
ס'האָט פעלדער אַנגעזעעט, ס'האָט אַנגעדראָשען ברויט . . .
וואו ליעגט עס אלץ אצינד, ווער האָט עס אלץ פערשפּארט ?
וואס בלאַנזשעט אום דאָס פאָלק, פערהונגערט און פערדארט ?...

## אַרבייטסלאָזיגקייט.

ניין, זאָגט איך וואָס איהר ווילט, — איך קען עס ניט
פערשטעהען:
איך הער דורך שטאָדט און לאַנד, ווי ס'טראָגט זיך אַ געוויין:
„דאָס פאָלק איז אַרבייטסלאָז“ — מיין גאָט, דאָס איז
דאָך גוט!
ווען אַרבייט איז ניטאָ, דאַן לעבט איך פריי, בערוהט,
דאַן מאַכט אַ יום־טוב איך, דאַן מאַכט אַ פרייהייטס־פעסט,
און טהוט איך זיך זויבער אָן, און טרינקט איך וואויל און עסט...
די אַרבייט איז דאָך פלוך — צייט אדם און די שלאַנג! —
(די קללה ציהט זיך שוין פון פרשה בראשית לאַנג! . . .)

ניין, זאָגט איך וואָס איהר ווילט, ס'בעגרייפט ניט מיין
פערשטאַנד:
צי האָט אַ שונא בייז בעפאַלען אונזער לאַנד;
צי איז אַ היישעריק בעפאַלען אונזער פעלד;
צי האָט דער גוטער גאָט מיט רעגען, זון געפעהלט . . .
צי האָט אַ פייער דען די תבואות אונז פערברענט?
וואָס שמאַכט אַזוי דאָס פאָלק און לאָזט אַראָב די הענט.
צי איז קיין ברויט ניטאָ, קיין קליידער צו גענוג?
וואָס הונגערט, פריהרט דאָס פאָלק? — איך בין פערשטעהן
ניט קלוג!
קיין אַרבייט איז ניטאָ! . . . עס שלאָפט פון פאָלק
די קראַפט! . . .
דאָס הייסט: דאָס אַרבייטס־פאָלק האָט טעג און נעכט געשאַפט!
געשאַפט מיט פלייס און שווייס, פערשוועגדעט זיין זאַפט
און בלוט

זעהסט א ט י י ו ו ע ל פליהט דארט
אין דער הויך ארום :
אייזען — זיינע פליעגעל,
פייער — איז זיין ברום ! . . .

מייד איהם אויס דעם טייוועל,
היט זיך פאר איהם גוט:
זיינע ווייסע פליגעל
שמירט עס אויס אין בלוט...

## ווייסער טויב פון שלום.

ווייסער טויב פון שלום,
קום פון ערגעץ אָן,
און פון אייביג פריעדען
זאָג די בשורה אָן!

ס'פאלט דאָס הארץ פאר פחד
און פאר אנגסטען איין,
און מיט שרעק מיר פרעגען:
וואָס וועט ווייטער זיין?

ווי די שאָטענס וואנדלען
אויף דער ערד מיר אום;
ס'ריידען די קאַנאָנען
און דער מענש איז שטום...

ברידער געגען ברידער —
און דער האס איז גרויס!
ווייסער טויב פון שלום,
קום און לייז אונז אויס.

ווייסער טויב פון שלום,
פאַרזיכטיג דאָך זיי,
דען די לופט, דער הימעל
איז אויך איצט ניט פריי?

## אויפ׳ן פעלד...

אויפ׳ן פעלד און גראבען
פליהען אום די דאבען,
אין דעם רוים דעם פרייען,
פלאטערן און שרייען.

אין דעם דור הפלגה
איז ביי זיי א חגא,
חגא ביי די ראבען, —
ווי פיעל גוטס זיי האבען!

פעלדער אויסגעזועטע —
טויטע אויסגעשפרייטע
ערשט נאך דעם אלארם!
אלע קערפער ווארעם.

נייע מחנות שוועבען! —
ווי א שווארצער זיעגעל
לעגט זיך יעדער פליעגעל
אויף א יונגען לעבען.

## קינדער-שפּיעל.

אַ, פון לאנגווײַלע און אומעט
פריהרט די נשמה;
קינדער, קומט, — מיר וועלען שפּיעלען
אין מלחמה.

יאַשקע, ווילסט א קיסר ווערען —
ביזט אַ מילדער!
זאָל א קיסר ווערען חיים —
ער איז ווילדער.

נעהם־זשע, ווילדער חיים, קעניג,
גרייט זיך, גרייט זיך!
זעהסט ווי יעדער חדר־איינגעל
לאַכט און פרעהט זיך.

אך, א קיסר וויל ער האַבען,
ס'וועט זיין פרעהליך!
רוף־זשע אַלע צו מלחמה —
ניכער, מלך!

## שפּעטער.

עס וועלען די פעלדער נאָך גרינען,
דאָך ניט פאַר די פּאַרלעך פערליעבטע.
דאָרט וועלען בלויז טרערען דאָן רינען
פון מענשען מיט הערצער בעטריעבטע.

עס וועלען ניט קומען שפּאַציערען
קיין חתן און כלה, ווי דאַמעלט.
און אונטער די בערג וועט מען שפּירען
א קבר — פון טויטע פערזאַמעלט.

אַן איינזאַמע מיידעל וועט קומען,
מיט טרויער אין הארצען פערשלאָסען,
און וועט אין די גראָזען און בלומען
דערזעהן דאָס געשטאַלט פון איהר חתן.

ביי אנדערע זיינען
די קעפּ נאָך פערבונדען.
און טייל קומען אָנ־עט
מיט אָפענע וואונדען.

ביי איינעם די אויגען
מיט ווילדקייט זיי פינקלען.
ער זוכט און ער נישטערט
ארום אין די ווינקלען.

ער דראָהט מיט די פויסטען
און הויבט אָן מארשירען.
אזוי ווי מלחמה
נעוואָלט וואָלט ער פיהרען.

און באלד ווערט ער ווילדער
און הויבט אָן צו שרייען :
„מיר מוזען די קריעג נאָך
אויף וויעדער בענייען !“

וואו טאנצען, ווער טאנצען !
די מיידלאך צולויפען.
און ס'הערט זיך א שלוכצען
אין הייזער און הויפען . . .

נון זיינען מיט שמחה
אין זאַל אַנגעקומען
פון לאַנד אלע טעכטער —
בעציערטע אין בלומען.

די אויגען — זיי ברענען,
די אויגען — זיי גלאַנצען,
די פיס אונגעדולדיג
זיך הויבען צום טאַנצען.

„וואו זיינען די העלדען,
די העלדען די בראַווע? . . .
די מיידלאַך, די יונגע,
די טעכטער פון חוה.

זיי זיינען ׳זוי דורשטיג!
די הערצאַלעך קלאַפּען;
ווי וואָלט יעדע גערן
אַ העלד ארומכאַפּען,

און פליהען צוזאַמען
מיט איהם ווי אין וויכער,
זיך פיהלען אין אַרעם
ביי איהם אזוי זיכער.

זיי קומען! זיי קומען!
אַ, מורא! אַ, שרעקען!
ווער ס׳קומט אַן אויף איינעם
און ווער אויף צוויי שטעקען.

## דער באל נאָכ׳ן זיג.

(צוקונפט פאַנטאַזיע).

די האנדלונג קומט פאָר
אין בלוטיגען יאָהר.
אין וואַסער׳ן לאנד —
דערווייל אונבעקאנט.

א גרויסער זאַל
געגרייט צום באַל,
לכבוד די זיעגער,
די טאפפערע קריגער,
וואָס האָבען ביז איצט
בעשירעמט, בעשיצט
מיט מוטיגער האנד
פון שונא דאָס לאַנד.

דער קריעג איז צו ענד !
דער פיינד איז פערלענדט.
פערטריבען איהם־העט !
פערוויסט זיינע שטעדט.
און מענשען געפאנגען,
און זקנים געהאַנגען,
און שיפען געזונקען,
און מאנשאפט דערטרונקען
און ענדליך בעגליקט —
און ענדליך בעזיעגט.

קומט ניט שטילען דעם געטימעל ?
וויל פון טראָן אראָב ניט שטייגען
מיט איין וואָרט זיינס מאכען שווייגען.
און אויך משה וואו איז איצט ? — — —
שאַ — עס דונערט און עס בליצט !

און א בת קול הילכט אראָב
פון דעם הימעל ענטפערט אָב :

סיני, סיני ! אויס דיין שלום :
וואָס דו זעהסט דאָ איז קיין חלום
אלץ געשיעהט עס אויפ׳ן וואהר,
ווי צוריק — דריי טויזענד יאָהר !
דאָך קיין תורה, קיינע לעהרען !
ניין, זיי קומען אלץ צושטערען !
האָבען דאָרטען שוין פערלענדעט
אלע תורות און געשענדעט !
אויסגעראָטען שטערט און לענדער
און צוריסען אלע בענדער.

איז געווען זיי אלץ נאָך קארג —
האָבען זיי דערגרייכט דעם בארג,
וואו גאָט׳ס רייד האָט העל געפלאַסען
און מיט בלוט איהם רויט פערגאָסען
און דער שונא וועט באלד ברומען :
„דעם בארג סיני איינגענומען !
היי, איהר פעלקער שלאָגט און רויבט —
איצטער איז שוין אלץ ערלויבט ! . . .“

## ביים בארג סיני.

(ביים בארג סיני קומט פאָר
פירטיר־ליכע קעמפפע).
פון די מלחמה נייעס.

ס'קראכט דער שטורעם ווילד און ווילדער:
גאנצע וואָלקענס רויך אין זיילען;
פלאַמען־פייער און געפילדער
ציהען, ציהען זיך פאר מיילען;
און דער ליארעם און דאָס ברומען! —
מחנות לויפען, מחנות קומען —
מחנות הויבען זיך און פאלען.
שופרות רוישען, שופרות שאלען:
און דער ווירוואר און די מורא! —
ווער בעקומט א נייע תורה?
און דער אלטער בארג, דער ריעז,
ער בעגרייפט ניט וואָס דאָס איז.

דער בארג סיני בליקט פערוואונדערט:
וואָס געשיעהט עס דאָ אצינדערט?
ווי ער ציטערט, ווי איהם שרעקט! —
ווער האָט איהם פון שלאָף געוועקט?!
אויב א תורה גיט מען ווידער, —
וואָס־זשע שלאָגען זיך די ברידער?
און וואו איז ער גאָט אין הימעל.

## נייע צייט רעכענונג.

מ'האט אבגעצעהלט צוואנציג יאהר הונדערט,
לויט ס'צעהלען די קריסטען איינר,
א הערט איהר אין לופטען די קרעכצען
א, הערט איהר ווי ס'יאמערט דער ווינד !

א, זעהט איהר דעם פעך שווארצען רייטער,
דעם טויט, ווי ער יאגט זיך אין טאל . . . —
א, טויזענד נייןהונדערט און ווייטער,
לויט נייער, לויט קריסטליכער צאל !...

די צאהל איז איצט בטול געווארען,
די וועלט איז צוריק וויסטעניי . . .
נו, מוזען מיר צעהלען די יאהרען
איצט אנהויבען גאר אויף דאס ניי...

דאס קינפטיגע יאהר קומט משיח —
זיין הארץ איז א קלארס און א ריינס —
און ביי וועט דאן ווערען דער לוח :
דאס יאהר וועט זיך צעהלען פון איינס . . .

ווי די ראָבען שרייען
רויבעריש און בלוטיג:
קיינער איז ניט מוטיג
געהן די טויב בעפרייען! ...

## די געפאנגענע טויב.

פון א לאנד א קאלטען,
וואו די שדים שאלטען —
א געוויין פערשפרייט זיך
אימיצער פערגעהט זיך.

ס' קלאגט די טויב די ווייסע,
די שוין לאנג געגארטע,
דארטען א פערשפארטע —
(ווי אין בוך א מעשה !)

און א שטיין געבונדען
דארט פון א ניט־גוטען —
איהרע אויגען בלוטען,
איהר פליגעל — וואונדען.

הערט איהר ניט דאס ברומען
פון א טויב געפאנגען ?
האט איהר איהרע קלאנגען
ציטריג ניט פערנומען ?

ווי די שופרות בלאזען
פול מיט שרעק און בענגען !
ווער פארט וועט זיך לאזען
גלייך די טויב אונז ברענגען ?

לשנה טובה אייך,  
איהר, וואָס איהר יאָגט  
דורך בערג און דורך טאָלען,  
און זאַמדיגע וועגען;  
און הינטער אייך נעהט,  
דאכט זיך, עמיץ און קלאָגט,  
און פאַרענט אייך געהען אנטקעגנען  
די אויגען פון אייערע געליעבטע  
פערוויינטע, בעטריעבטע,  
און בעטען און פרעגען:  
אָ, טייערע! זאָגט אונז  
צו וואָס און וואוהין?...  
. . . . . . .  
לשנה טובה...  
עס מישט זיך דער זין...

* * *

לשנה טובה, דיר, ארימער ברודער !
העב הויך אויף דיין זעבעל
און ציעל אז א זייט !
דו זאלסט ניט אין רויכיגען נעבעל,
אין ראש און גערודער,
אין פינסטערער צייט,
ניט טרעפען, ניט טויטען
דיין אייגענעם ברודער . . . .

* * *

לשנה טובה אייך אלע אין שלאכט !
איהר מיעדע און מאטע
און זעלטען ווען זאטע,
און זעלטען בערוהטע ביי נאכט.
אייך יונגענקע בלומען
מיט טרוקענע גומען,
מיט ליפען פערברענטע און פערשמאכט...
א, איהר, וואס אין קורצען דרימעל
אונטער אפענעם הימעל
איהר האלט די געליעבטע אין שוים . . .

איהר ווילט זי אומארמען,
נור פלוצלונג א ליארמען,
מען וועקט, און דער חלום איז אוים . . .

* * *

# לשנה טובה.

לשנה טובה אייך, ברידער, אין שלאכט,
אין פינסטערער נאכט ! . . .
וועט איהר עם דערהערען ? —
פערטויבט וועט עם ווערען
דורך פויקען, סיגנאלען,
דורך טראמפלען פון פערד,
דורך ווילדען געשרעה,
דורך קרעכצען און וועה,
וואס שניידט דורך די ערד
פון די וואס זיי פאלען . . .

לשנה טובה !
איך רוף שטארק און הויך — — — —
מיין רוף קומט צוריק
אין פולווער און רויך . . .

* * *

לשנה טובה דעם איד דעם סאלדאט,
וואס שטעהט אין די רייהען
פון פרעמדע ארמעען,
און פעלדער ווילד־פרעמדע
פון זיין בלוט ווערען זאט...
און אויב ס'האט פאר קיינעם
קיין ציעל ניט דער קריעג,
איז דאפעלטער צוועקלאז
פאר איהם יעדער זיעג . . .

## א בריעף צו דער ליעבסטער.

מיין ליעבסטע, דעם בריעף וואס איך שיק דיר,
ער וועט צו דיר איצטער ניט קומען:
עס זיינען די באהנען און שיפען
מיט שווערע קאנאנען פערנומען.

דאס ווארט מיינס האט איצטער קיין פלאץ ניט,
דאס ווארט פון געפיהלען און ליעבע;
מיין ליעבעסטע! דעם בריעף וואס איך שיק דיר
קען טרעפען איהם אונגליק און סיבה.

עס קען א הארמאט איהם בעגעגענען
און ווערען גלייך וועט ער צושאסען;
און ס'וועלען די ווערטער די שעהנסטע
מיט מענשליכע בלוט זיין פערגאסען . .

די ווארימע ווערטער פון ליעבע,
מיט בלוט קענען ווערען פערטרונקען:
און ווערען אין ים אין דעם טיעפען
אויף אייביג, אויף אייביג פארזונקען...

און אפשר וועט גאר א גראנאט איהם
מיט העלישען פייער אנצינדען,
און ס'וועלען די ווערטער פון ליעבע
אין רויך און אין פלאמען פערשווינדען!...

## א וועלט-חלום.

אך, דאס וואס קומט פאר איז א חלום, מיין פריינד,
א גרויזאמער חלום, א שווערער ;
ס'איז נאכט אויף דער וועלט און אונז חלום'ען פיינד —
זיי קומען אלץ מעהרער און מעהרער . . .

זיי קומען פון לענדער פון פינסטערע אן,
און ברומען און ווישען און שאלען ;
זיי טשעפען זיך איינס אן די אנדערע אן
און ווערען פערבלוטיגט און פאלען . . .

און ס'עפענט די ערד אויף איהר פינסטערען מויל
און שלינגט זיי איין גיך, ווי א חיה . . .
און ס'קומען אן אנדערע בייזע מיט גרויל —
און ס'קומען אלץ מחנות אן נייע.

און ווערען אלץ ווילדער און ס'וואקסט זייער וואוט
און ס'קלינגט, ווי פון אבגרונד, א לאכען . . .
און ווידער פערשליעננט זיי די ערד מיט'ן בלוט — —
אי, שרעקליך ! . . .   דו קענסט ניט ערוואכען ! . . .

און פעלדער לאנג שוין ניט געשניטען
און בוימער לאנג שוין אויסגעהאקט,
און קברים אויף דיביידע זייטען,
פון אלטען, ווייטען וויסטען טראקט . . .

## דער פוילישער טאָג.

אין אלט פערציייטישע קאָסטיומען
וואָס האָבען מיך די היים דערמאָנט,
האָב איך זיי דאָ געזעהן אין פאַרליך,
כ'האָב זיי דערקאָנט און ניט דערקאָנט.

זיי האָבען בעטענד אָנגעקוקט מיך
און מיט א פושקע צוגעקלאפּט,
איך האָב דערמאָהנט און וואָס בעגריפען
און האָב צום טאש זיך דאָך געכאפּט....

איך האָב אין פושקע אריינגעוואָרפען
ווי פיעל איך בין געווען אין שטאנד,
און האָב דערפיהלט דעם גרויסען חורבן
פון אונז, פון זיי אין יידענס לאנד . . .

איך האָב פערגעסען אלע לעהרען,
וואָס מ'האָט געפּלאצט אין זיי, אין מיר ;
איך האָב געזעהן בלויז חורבות־הייזלעך
און אָרמע פויערטעס ביין טיר.

און קליינע קינדער אויף די שויסען
ביי בריסט אָהן מינדסטען טראָפּען מילך
און אלטע פויערים פערשמאכטע
און פון דער גסיסה לעצטען הילך ;

## נייע איכה׳ים.

נייע „איכה׳ס" קלינגען
אין דער גאנצער וועלט,
אין די שטעדט די רייכסטע
ברוים א שטיקעל פעהלט.

אַלע ליעדער שווייגען,
פיעדעל, פלייט און האַרף;
שטומע מענשען וואַנדלען,
מיט א וועהטאָג שאַרף.

שמאַכטענד פאַלען קינדער,
צו דער מוטערס שויס,
און פאַר קינדער׳ס אויגען,
נעהען מוטערס אויס . . .

שרעקען אין די גאסען
טהיר און טויער צו . . .
אויף די שעהנסטע פלעצער,
שוועבט פון טויט די רוה . . .

ירמיהו׳ס גייסט האָט
ווידער אויפגעלעבט
און זיין אַלטע „איכה"
איבער לענדער שוועבט . . .

הערדען צוועלף פון איין געוויקס,
אלע הויכע, שטארק און שלאנק,
און די הערצער ריין און בלאנק —
אהן א שווערד און אהן א ביקס . . .

דיינע ברידער — שטארקע לייט :
כאפען וועלען זיי די צוויי,
גוג ומגוג — בינדען זיי
און פערשפארען ערגעץ ווייט. . .

און די קרוינען פון די צוויי
אויסטהון וועט מען, שענקען דיר,
און אין הויף, ביי׳ן שוועל און טיר
וועסטו שפּיעלען זיך מיט זיי . . .

## מוטער און קינד.
(וויעג־ליעד)

שטיל מיין קינד, פערבארג ס'געזיכט !
פינסטער איז אין שטוב און קאלט —
אויסגעהאקט איז יעדער וואלד,
אויסגעלאשען יעדעם ליכט !

שטילער קינד מיינס ! איבער'ן הויז
שווימט אן אדלער גרויס און לאנג,
ווי א שטאל־געדרעהטער שלאנג —
קריך פון ווינקעל ניט ארויס ! . . .

שטילער קינד מיינס ! הינטער'ן פעלד
געהען צוויי קיסרים אום
און פערוויסטען אומעדום,
און פערטיליגען די וועלט !

שטילער קינד מיינס, קיין געשריי !
די קיסרים קומען אן
אין די קרוינען אנגעטאן —
נוג ומגוג רופט מען זיי !

וויין נישט קינד ! עס קומען באלד
דיינע ברידער, העלדען צוועלף,
אויסגעלייזטע פון די וועלף,
פון א שווארצען צויבער־וואלד . . .

די זקנים, די מידע, ערוואכען,
די אויגען זיך עפענען ברייט
און שמייכלען, ווי יונגע, בעגייסטערט :
משיח, משיח — ער געהט ! . . .

ווי וואָלט איך דורך פעלד זיי געטראָגען
דורך זומפּיגע וועגען און ליים
און גלעטען די בעקעלעך בלייכע
און טרייסטען : באַלד, באַלד איז די היים . . .

און פאַלט צו דער אבענד אין מורא
און וואַנדערען ווייטער איז שפּעט,
דאַן וואָלט איך מיין ראָק אויסגעצויגען,
די קינדער איהם אונטערגעבעט.

און וואָלט זיי מיט קושען דערוואַרימט,
און וואָלט זיי מיט טרערען פערוויעגט,
ביז וואַנען אַ גילדערנער חלום
וואָלט ענדליך די קינדער בעגליקט . . .

ווי וואָלט איך דערנאָכדעם זיך לאָזען
דורך ווינד און דורך שרעק און דורך נאַכט,
צו זוכען אַ ברונעם, דערקוויקען
די מיעדע וואָס ליגען פערשמאַכט.

ווי וואָלט איך מיט גרייז־גראָהע זקנים
וואָס זיצען אין קופּקעלעך שטום,
צערעדט זיך פון צייטען פון אַלטע
און גלויבינג געוואָרען און פרום.

איך וואָלט זיי דעם זוהר דערמאָנען
און הייליגע ספרים נאָך פיעל,
און וואָלטען אינאיינעם בעשפּראָכען,
אַז אַלץ וואָס קומט פאַר האָט אַ ציעל. . .

## איך בין זיי מקנא.

איך בין זיי מקנא די ברידער
און שוועסטער אויף יענער זייט ים;
איך בין, ווי א בלעטעל, וואס האט איהם
דער ווינד אבגעריסען פון שטאם.

ווי וואלט איך מיט זיי איצט געוואנדערט
אין עלענד, אין שרעק און אין נויט;
און טיילען אינאיינעם די טרערען,
און טיילען די שרעקען פון טויט.

איך בין זיי מקנא דאס אונגליק!
ווי וואלט איך מיך גליקליך געשעצט
צו ווערען מיט זיי גלייך געטריעבען,
פון שונא געיאגט און געהעצט!

ווי וואלט איך אין וואנדערער־עדה,
זיך גערן מיט זיי אויסגעמישט,
אין איינעם צום הימעל זיך ווענדען
אין איינעם די טרערען געווישט.

ווי וואלט איך געארעמט די קינדער,
וואס לויפען די עלטערען נאך
מיט אויגען פערגליווערט פון פחד
און פיהלען, ווי גרויסע דעם בראך:

„טאַ וואָס־זשע שווייגט דער פעטער דאָרט,
אין לאַנד פון גאָלד דעם ווייטען ?
דו פלעגסט דערצעהלען, מאמע, אָפט :
ער האָט דאָרט גוטע צייטען".

— דיין פעטער, קינד, ניט פרעג, ניט פרעג —
און אומגליק האָט געטראָפען :
ער האָט א זאטער זיך געלעגט
און איז פעסט איינגעשלאָפען.

און אויפגעשטאנען אין דער פריה —
אָ, וועה צו מיינע יאָהרען ! —
פון גוטען פעטער מיט זיין גאָלד
איז גלייך א שטיין געוואָרען".

דאָס קינד שטעלט אוים די אויגעלעך
פול שרעק און פול סכנות,
און ענדליך וויינסט עס : מאַמעשע,
דעם פעטער — א רחמנות ! . . .

## מוטער.

„אָ, מאַמע, כ׳וויל א ביסעל מילך,
ס׳איז טרוקען מיר מיין גומען . . .“
— מיין קינד — א בייזער פּאַסטוך האָט
די אַלע קיה פערנומען.

טאַ גיב מיר, מאַמע, ברויט א ביס
דעם הונגער מיר צו שטילען ! —
— ניטאָ, מיין קינד. א וואַסער האָט
פערטרונקען אַלע מיהלען.

א וואַסער ווילד, א וואַסער־דרויט
האָט זיי אראָבגעטראָגען,
און אַלע מילנער זיינען איצט
אַוועק אין פעלד זיך שלאָגען.

„טאַ, וואו־זשע איז דער טאַטע איצט,
ער זאָל אונז עסען קריגען ?“
— דער טאַטע איז אַוועק מיט זיי
א שונא צו בעזיעגען.

דער טאַטע איז אויך איצט אין פעלד —
דו הערסט מיין קינד אַ ברומען ?
ער איז אַוועק, ער איז ניטאָ,
ער וועט שוין קיינמאָל קומען

## טראמפּייטען שאַלען.

העי, איך הער טראַמפּייטען שאַלען
פון דער ווייט;
און פון טויערען דאָס פּאַלען —
וואָס בעדייט?
ווערט וואו־ווייט א פאָלק געבאָרען,
געהט וואו־ווייט א פאָלק פערלאָרען? — — —
העי, ווער רייט?

קומט אַ אַנזאָגער פון לעבען
און בעפרייט פון נויט?
וואָס־זשע שרעקען זיינע אויגען
און זיין מאַנטעל־רויט!
ווי עס ברומט! —
העי, ווער קומט?

געהט וואָס ווערען אָדער ענדען,
קומט ער בויען צי פערלענדען?
קומט ער טרייסטען, אָדער שטראָפען,
קומט ער וועקען, די וואָס שלאָפען
שוין א ציים?

ווי עס ברומט!
העי, ווער קומט
פון דער ווייט? . . .

* *
*

נאך א מאנטאג, נאך א דיענסטאג —
טעג זיי פליהען . . .
פון איין וואוינונג אין דער צווייטער
איבערציהען.

ביכער טוישען . . . טוישען קליידער
און אירעען
און די ליעבע און די ווייבער —
וואס קען פרעהען ?

און אין אלעם איז קיין זין דא
אויף א האר נישט
און עס טרינקט זיך די נשמה
אין דעם גארנישט . . .

## צו א שנעעלע.

און אויב דו ביזט א שנעעלע,
דאַן זאָלסטו פאַלען
אויפ'ן קאַרק
פון א באַרג
און אייבינג דאַרטען שטראַלען.
נאַר וועה וועט דאַן דיר זיין
ווען דו פאַלסט אריין,
דו קלאָרער שניי,
אין שטאָדט, צו זיי . . .
דאַן ווערסט פון דיר באַלד קויט
און נאָכדעם ביזטו — טויט!

## האפנונגען.

א. האפענונגען מיינע — בליהט!...
אך, בליהט נאך ווידער, ווידער;
דער שניי איז קאלט און פאלט און שיט.
דאך זינגט דער פרייער פויגעל ליעדער:
ער ווייס פון קעלט און ווינטער ניט — — — —
א. האפענונגען מיינע — בליהט!...

און דורך געסלעך ענגע, קרומע,
לאָזען זיי זיך געהן נאָר שטומע,
מיט לייכטע שריט,
ס'הערט קיינער ניט ! . . .

## די פּאָר.

אויף א שטענגעל — וויסט און גרוי, —
שלעפּט זיך אום א מאַן און פרוי :
די פרוי איז די נויט,
דער מאַן איז דער טויט.

נעהן — געהען זיי געארעמט,
ווי זיי וואָלטען זיך געוואַרעמט :
זיי ווינען אלט —
עס איז זיי קאַלט.

רופט זיך אָב דער טויט צום ווייבעל :
קום, מיין ליעבע, זיסע טייבעל,
א נחת־מיין,
אין שטאָדט אריין !

ס'האָט נאָר אָנגעהויבען טאָגען,
מענשען לויפען, איילען, יאָגען . . .
צום מאַן זאָגט זי :
„עס איז ניט פריה !"

ווירקליך — זאָגט דער טויט — קום גיכער,
ארבייט וועט א סך זיין, זיכער !
איך הער אין לופט :
מען רופט ! מען רופט !

## ווי לאַנגווייליג...

ווי לאַנגווייליג, ווי שלעפעריג!
אַן אומעט אויף'ן האַרצען פאַלט;
עס האַפט זיך ניט, עס גלויבט זיך ניט —
אַרום איז אַזוי פראַסטיג־קאַלט.

די שויבען — דורך פערנעבעלטע,
דו קוקסט און זעהסט קיין זאַך...
דיין אויער הערט בלויז ווי דער ווינט —
ער טרויערט אויפ'ן דאַך.

עס האַפט זיך ניט, עס גלויבט זיך ניט
זאָל ליכטיג ווען נאָך זיין;
אין טעג אַזעלכע פינסטערע
ווער גלויבט אין זונען־שיין!...

## אַ וואָרט.

אַ וואָרט רוהט מיר אין הארצען —
ס'איז ניי און פריי און פרום ;
איך קען איהם ניט אויסריידען —
איך בין פאר איהם נאָך שטום.

אַ צווייטער וועט איהם זאָגען
אין יאָהרען לאנג ארום — —
דאָס וואָרט איז אָבער מיינער
געוועזן בין איך נאָר שטום . . .

## דוד צו אבישג השונמית.
(פון ביבעל.)

ליעג, מיין קינד, ליעג,
ליעג אין מיין בעט,
האלז מיך און גלעט,
וויעג מיך און וויעג.

וואס קען מען טהאן ?
אלט בין איך, אלט,
קאלט איז מיר, קאלט —
ווארעם מיך אן.

ס'ענדיגט מיין וועלט, —
נאכט־שאטענס שווארץ
דעקען מיין הארץ
וועהען מיט קעלט !

ווארים־זשע, גלעט
ארימעס קינד.
ווארים, געשווינד —
באלד איז שוין שפעט !

## אויפ׳ן גרינעם גראז.

אויפ׳ן גרינעם גראז
וואלט איך ווען פאלען ;
אונטען — סאמעט ווייך,
אויבען — גאלדענע שטראהלען !

אונטען בעט א ביהן
און א פויגעל — אויבען ;
אוי, ווי וואלט איך, גאט,
ריהמען דיך און לויבען.

אבער אין דער שטאדט,
וואו די רויבער זיצען,
קען איך פלוכען נאר
און די צייהנער קריצען.

אבער אין דער שטאדט,
אין דער רויבער קהלה,
האב איך, גאט פאר דיר
לאג שוין ניט קיין תפלה . . .

## וועלט און מענש.

וואס געהט מיך וועלט און מענשען אן?
איך בין אליין א וועלט.
וואס ארט מיך וואס איהר לאכט מיך אויס —
איך טהו וואס מיר געפעלט.

מיין וועג איז קרום, דאך פיהרט ער גלייך
צום וואלד, צום פעלד, צום בארג,
און אייערער — ער פיהרט אייך בלויז
צום רוישענדיגען מארק.

## מיר בענקען.

מיר בענקען אלע צוריק, צוריק
און מיינען, דארטען איז דאָס גליק
אהין, אהין אין יענער זייט —
דאָס גליק איז שטענדיג פעוואָרפען ווייט.

און קומען מיר נאָך יאָהרען לאנג
אהין, ווי ווערט עס אונז באלד באנג!
און קלאָגען שטיל; צוריק, צוריק!
אָך דארט איז גאָר געווען דאָס גליק.

אזוי נאָר בלאָזשען מיר ארום,
לאַנד איין, לאַנד אויס און אומעטום;
ביז וואָן מיר ווערען קלוג און גראָה
און שמייכלען: ס'איז קיין גליק ניטאָ!

## פון חדר.

עס איז מיין הארץ דערשראָקען
אזוי ווי ביי אַן אינגעלע, וואָס געהט
פון חדר אין א ווינטער־נאכט און האָט
זיך אָבגעשיידט פון אלע זינגענדע חברים.
און איז אין מיטען מארק אליין געבליעבען.
א ווינטער־נאכט, און פינסטער קאלט.
אָט הערט ער נאָך דעם קלאנג פון זייער ליעדעל,
אָט כאַפּט נאָך אויף זיין אויג דעם לעצטען שימער
פון ליכט פון די פּאַפּיערענע לאמטערנעס,
נאָר באַלד איז אלעס אויס, קיין שטראהל, קיין קלאנג !
אליין, אליין ער געהט אהיים. די היים איז ווייט !
און די לאמטערנעלע האָט איהם זיין חבר אָבגענומען...
ער געהט און לויפט . . . דער ווינד יאָגט צו
און ס'וואקלען זיך די קליינע מיערע פיס
און ס'שרעקט און ס'קלאַפּט דאָס קליינע קינדיש־הארץ . . .

מיר שטאַמען אַלע פון אַן אַנדער וועלט,
דאָ זענען מיר בלויז פרעמדע, אָהן פערוואַנדטע,
און וואויל איז דעם וואָס ווייס דאָס אַלעס און פארשטעהט עס
און שמייכעלט ליעב אויף אַלץ, וואָס קומט דאָ פאָר . . .

## מיר שטאמען אלע פון אן אנדער וועלט.

מיר שטאמען אלע פון אן אנדער וועלט . . .
דארט זיינען מיר אין גאלדענעם בוך פערשריעבען . . .
דארט ווערען מיר רעגיערט פון א געהיימען מלך,
וואס האלט אויף אונז אן אויג און היט אונז . . .

אהער אויף דער וועלט קומען מיר צו געהן
צו זעהען א פארשטעלונג, וואס ווערט געגעבען
פון שוישפיעלער, א חברה קאמעדיאנטען,
צו זעהען א פארשטעלונג וואס רופט זיך : „לעבען".

מיר קוקען מיט פערכאפטען אטעם און ס'געפעלט
די שפיעל און שפיעלער און מיר הויבען אן
אליין אויך שפיעלען, ווערען קאמעדיאנטען
און יעדער וויל דער גרעסטער „שפיעלער" ווערען.

און דאס איז שלעכט ! ווייל אלע ווילען שפיעלען
הויבט אן דאס שטיק דעם ריטם צו פערליערען,
עס הערען זיך פיעל קולות און געשרייען
און ענדליך ווערט דאס שטיק נאר אונאינטערעסאנט !

דער בעסערער, וואס איז אהער געקומען
צו זעהן וואס שענס, הויבט אן זיך צו לאנגווייליען,
ער געניצט און ער שפייט און לאזט די שפיעל אין מיטען,
און הויבט זיך גרייטען אן צו געהן צוריק !

## ווי א בלום.

(פאָלקס מאָטיוו).

ווי א בלום אהן טהוי פערדאר איך
אהן א קוש און אהן א גלעט ;
שטענדיג ווארט איך, שטענדיג האר איך
און עס ווערט שוין זיין באלד שפּעט.

וואו זשע איז ער, מיין בעשערטער?
קום שוין גיכער, קום שוין, קום!
נאָר איין קוש, צוויי ליעבע ווערטער
און עס בליהט צוריק די בלום . . .

## אויפ'ן באנקעט.
(נאָכבאַהמונג)

מען האָט צום באנקעט מיך געלאדען
איך וויים נישט אליין גאַר צו וואָס ?
דאָך לאָזען אליין קאמעראדען,
זיי וואָלטען געהאט א פעררדראָס !

דער עולם איז שטאָלץ אָנגעקומען
און יעדער — א גאונ'שער מאַן !
ווער ס'האָט זיך מיט דראמע פערנומען
און ווער מיט א לאנגען ראָמאַן.

זיי האָבען אין זאאל זיך געטראָגען
און האָבען גערעדט אזוי הויך ;
נו, האָב איך געשעמט מיך צו זאָגען
אַז איך אליין שרייב עפּעס אויך . . .

## זומער-טעג.

אך שעהנע זומער־טעג, בעקאנטע,
געקומען זייט איהר ווידער;
איהר גריסט מיך פריינדליך, ווי פערוואנדטע,
ווי אלטע גוטע ברידער.

איהר האט געבראכט די זעלבע שטראהלען
דעם זעלבען גלאנץ און שימער
אויף מיר דאך ווילען זיי ניט פאלען,
אין איינזאם טריעבען צימער.

איהר פאקט זיך אוים פון וועג פון ווייטען,
און האט געבראכט געשאנקען;
איהר טיילט זיי אוים פאר פרעמדע לייטען,
וואס וועלען אייך ניט דאנקען...

נישט קיין האַלץ אין אויוועז,
אַהן א קלייד דער גוף —
וואָס האָסטו געאיילט זיך,
הערבסט, אויף וועמענס רוף?

זעהסטו דעם בלייכעז, קראַנקען
איינגעהאַרבעט שטעהט,
ווי האָט איהם דער זומער
פריש געמאַכט, געפרעהט.

און אַצינד דאָס רוישען
פון די בלעטער־געל
טרייבען אַז א אומעט
אויף זיין קראַנקער זעעל....

פריה געקומען ביזטו
הערבסט צו גאסט אהער,
פיעלע וועלען זומער
ניט דערווארטען מעהר . . .

## דער הערבסט.
(פון רוסישען)

אומעטיגע בילדער !
וואלקענס אהן א שיער ;
נאכאנאנד דער רעגען —
טייכעלעך ביי'ן טיר.

א פערדארטע בוימעל
שאקעלט זיך אין שרעק,
ס'קוקט דאס גאנצע שטעדטעל,
ווי א גראהער פלעק . . . .

וואס ביזטו געקומען,
הערבסט, גאר אנגעריכט ?
ס'וויל דאס הארץ נאך האבען
ווארימקייט און ליכט.

קיינער ניט צופריעדען
איז מיט דיין בעזוך ;
פאר'ן אר'מען מענשען
ביזטו גאר א פלוך.

שוין בעצייטענס פיהלט ער
גאר דיין בייזע מאכט,
ווי פאר קעלט די קינדער
ציטערען ביי נאכט.

## די אלטע קשיא.

פרעגט די וועלט אַן אַלטע קשיא:
וואָס איז פאַרט דער זין פון לעבען?
קומט אין יעדען דור א חכם
אונז אַ קלוגען תירוץ געבען.

הערט מען אויס דעם קלוגען תירוץ
און מען זינגט דעם חכם ליערער;
שטאַרבט דער חכם גאָר אין גיכען,
בלייבט די אַלטע קשיא וויעדער.

אַזוי דרעהט זיך עס און דרעהט זיך,
ביז די קשיא ווערט פערגעסען
און דער עולם לעבט און פרעהט זיך,
האָט גרויס אַפּעטיט צום עסען.

הויבען אָן די ביינער וועה טהאָן
און אין קאָפּ הויבט אָן זיך וועבען,
פרעגט די וועלט צוריק די קשיא:
וואָס ושע איז דער זין פון לעבען? . . .

## דו פערגעסט מיך ליעבסטע.

דו פרעגסט מיך ליעבסטע מיינע:
ווען זעה'ן מיר וויעדער זיך?
איך קען די פראגע דיינע
נים ענטפערען אזוי גיך.

עס איז די צייט מיר טייער,
איך בין צופיעל פערנומען;
נאָר ווען דו זאָלסט נישט קומען
פלאַמט אויף מיין ליעבעס־פייער.

און אַלע ארבייט ווארף איך
און וויל פון גאָרנישט וויסען,
נאָר דיך, נאָר דיינע קוסען,
דען אויסער דיך, וואָס דארף איך?

## און וואו דו קומסט...

און וואו דו קומסט — דאָרט איז גאָט'ס וועלט,
נעהערט ניט צו קיין אנדערע.
דאריבער, רוהיג, מוטהיג, פריינד!
א שטעקען נעהם און וואנדרע.

דערזעהסט א פעלד, דערזעהסט א וואלד,
רוה אויס אין זון, אין שאָטען,
דערזעהסט א שטאָדט, ווייך אויס, ווייך אויס,
אך, זי נעהערט דעם שטן.

## אומעטיג.

אומעטיג, מיידעל, צו לעבען אליין, —
קענסט אפשר קומען צו מיר:
מיין צימער איז אָרים, מיין צימער איז קליין,
האָט א בעזונדערע טיר.
האָט א בעזונדערע טיר,
נאָר קיינער, אוי, קלאפט נישט אין איהר.

אומעטיג, מיידעל, אך, אומעטיג, שווער,
און ווי נאָר דער אָווענט ער קומט,
זיץ איך די אויגען צום טיר און איך הער —
דער ווינד אזוי טרויעריג ברומט.
דער ווינד אזוי טרויעריג ברומט
און ס'דאכט מיר, אז אימיצער קומט...

## די שבועה.

איך האָב מיר א שבועה געגעבען
ביט וועלען קיין גליק און קיין פרייד,
נאָר שענקען און ווידמען מיין לעבען
דעם מענשליכען עלענד און לייד.

כ'בין שפּעטער אויף שמחות געגאַנגען,
מיט פרעהליכע לייט זיך געמישט
געזונגען מיט זיי גלייך געזאַנגען —
די שבועה געבראָכען דאָך נישט.

## אין א שניי-נאכט.

אין אזא נאכט פערבענקסטו זיך זים — — —
וויייך איז דער שניי און ער גלאנצט ;
ס'הויבען מיט לוסט זיך שנעלער די פיס
און דיין נשמה — זי טאנצט . . .

אין אזא נאכט פון פרישקייט און קעלט
ווארעמט דיין הארץ זיך ערשט אן . . .
ווייס ווערט די וועלט, יונג ווערט די וועלט,
דו אויך — הויבסט לעבען ערשט אן . . .

אין אזא נאכט שווימט דיר ארויס
דאס, וואס עס לעבט שוין ניט מעהר :
ס'ארימע הויז, דיין עלטערענס הויז —
ס'פינקעלט אין אויג דיר א טרער . . .

אין אזא נאכט פערגעסטו די צאהל
ווי פיעל דו האסט שוין געלעבט . . .
מיינסט ביזט א קינד, מיינסט ס'איז אמאל,
וואלסטו זיך געהויבען, געשוועבט !

אין אזא נאכט דערמאנסטו דאס לאנד —
שליטעלעך, גלעקלעך און שניי...
און די געליעבטע רעכטס ביי דיין האנד — — — —
אין אזא נאכט טהוט עס וועה ! . . .

## ניט אלץ.

ניט אלץ האט דער מענש נאך ביי גאט אבגענומען,
ער איז נאך א'ן עושר, ער האט נאך פערמעגען:
עס ציהען זיך פעלדער און וועלדער געדיכטע
דורך ווייטע און ליכטיגע, אפענע וועגען . . .

מיין חבר, מייז ארמער! א זאק אויף די פלייצעס,
אין האנד צו א שטעקען און לאמיר זיך לאזען
אין פעלדער אין ברייטע, אין וועלדער געדיכטע,
און הייזער און גאסען און מענשען פערלאזען!

און לאמיר נאך נעהמען א חבר'טע מיט זיך,
און ברייט זאל איהר הארץ זיין, ז'זאל ליעבען אונז ביידען:
און לאמיר אין דרייען אין וועגען זיך לאזען
און ס'לעבען וועט זיין, ווי א טרוים אין גן־עדן . . .

## כל זמן.

כל זמן ביזט נאָך נישט פערפאַהרען
אין די ווייטע גרויע יאָהרען, —
זאָלסטו וואנדערען און פאַהרען
אין דער ברייטער וועלט.

ס'איז פאר דיר נענוג נאָך באהנען,
וואָס זיי פיהרען דיך פון דאנען,
נאָר נישט פרעג: וואוהין ? ביז וואנען ? —
זוך נישט קיין געצעלט !

ס'איז נענוג פאר דיר נאָך שיפען,
וואָס זיי לויפען פריי און שטיפען
אויף דעם ברייטען ים און טיעפען —
זייַ ניט אויף קיין אָרט !

ס'וועט די גוטע שיף דיך טראָגען
און די כוואַליעס וועלען יאָגען,
יאָגען, טראָגען און פערטראָגען
דיינע זאָרגען פאָרט !

## פון בענקענדען...

ס׳ווערט מיין זעעלע טריעב און באנג
אין דעם טומעל, אין דעם גרילען:
איך וויל הערען קלעזמער שפיעלען,
איך וויל הערען פיעדעל־קלאנג.

ס׳ציהען טעג זיך, לאנג און גראה —
רינגלעך פון דער קייט פון לעבען:
איך וויל זעהן, ווי אדלער שוועבען
אין די וואלקען וויים און בלאה . . .

א, איך האב שוין מעהר קיין קראפט
אין דעם גראהען לאנד צו פיהרען:
איך וויל בלומען־דופטען שפירען —
בלומען־דופט און ביימער־זאפט!

א, דער וועג, ווי קורץ און קארג! —
איינגעשפארט ווי א פערברעכער:
איך וויל ברייטער איך וויל העכער,
איך וויל שטייגען אויף דעם בארג!

מענשען־הערצער זיינען ווייט,
ווי די לענדער איינס פון אנדערען;
גליקליך זאי ווען ד׳האסט דערפרישט
ערגעץ איינעם אין זיין וואנדערען . . .

## צום דיכטער.

מעג דער וואָלקען זיין ווי גרויס,
און דעם הימעל גאַנץ פאַרדעקען,
איז דער רעגען ניט אין שטאַנד
צו בעגיסען ווייטע שטרעקען.

גרויס די ערד און גרויס די צאָהל
פון די גערטענער און בלומען;
איז דער רעגען דען אין שטאַנד
צו זיי אַלע צוצוקומען?

גליקליך לאַכט דער הימעל אויף,
ווען בעגאָסען האָט דער רעגען
איין פערדאַרטע שטיקעל לאַנד
און געבראַכט דאָרטען גליק און זעגען.

דיכטער! וואָלקענס דעקט דיין האַרץ —
ניעם זיי אויס אין קוואַלען ליעדער;
נאָר ניט טראַכט פון ערד און וועלט
מיט די אַלע מענשען־ברידער.

מעג דיין וואָלקען זיין ווי גרויס,
מעג דיין האַרץ ווי שטאַרק דיר קלאַפּען,
קען דיין ליעד, דיין וואָלקען־ליעד
אַלע הערצער ניט פערכאַפּען.

## צום ים.

אַ, נעהם מיך אויף, דו ברודער — ים !
איך קום צו דיר צוריק !
די שוועסטער ערד איז זיכערער, —
דאָך האָט זי ניט קיין גליק.

אויך דו פערמעגסט עס ניט, דאָך שעהן
ביזט דו און שטאַרק און גרויס,
און וואָס דו טראַכסט און פיהלסט, ווי איך
אין שטורעם זאָגסט עס אויס.

.2

בייזע ליעדער זינגט דער ים מיר,
זיינע וועלען — ווי זיי זידען !
ווי ער וואלט נאר מיט מיין רייזע
ניט אין גאנצען זיין צופריעדען.

„וו'היין געשלעפט זיך — נע־ונר'ניק ?
ווענינ אין דער וועלט געפאהרען ?
ניט געקענט א ווינקעל קריעגען
פאר אזוי פיעל לאנגע יאהרען ?

ניט געקענט א ווינקעל קריעגען,
ניט געקענט א הויז זיך בויען ? !
ווענינ גליקען האט דיין היים נאך,
ווענינ גיעבט דארט ליעבע פדרויען ?

וואס־זשע טרייבט דיך, וואס־זשע יאגט דיך ?
אין דער וועלט אליין ווייט און ווייטער ?
זוכסט אלין נייע ברייטע הימלען,
מיינסט אז דארטען איז עס הייטער ?"

און איך הער עס און איך שמייכעל,
האלט מיך איין קוים פון געלעכטער
און איך פייף א ליעדעל אונטער,
ווי א מופקר, ווי אן עכטער.

## אויפ׳ן ים.

1.

ווי א בייזע צווייטע מאמע
ווארפט דער ים מיין שיף — די וויעג ;
ווערכע בייזע ליעדער זינגט ער,
ווי עס איבערט — קוים איך ליעג !

ווי א בייזע צווייטע מאמע
ווארפט ער אום מיין וויעג און שעלט ;
דאך ער וועט מיך ניט פערוויעגעז,
כ׳ חלום פון א נייער וועלט !

כ׳ חלום וואכענד — רוהיג ליעג איך
אין מיין נייער וויעג און שטום,
עפּיס ביינקט זיך, נאר איך ווייז ניט —
פאר׳ן ים א טרער — ווי דום !

## אַלע

אַלע זיינען פריינד מיט דיר
ווען דיין מזל שטראַהלט,
אַלע פריינד פערלאָזען דיך,
ווען דיין שטערען פאַלט.

בלייבסט אַליין אין פינסטערניש —
און גאָר אונגעריכט
מערקסטו : אין דיין אייגען האַרץ
געהט דיר אויף א ליכט :

מערקסטו ווי דאָס גליק קלאַפּט אַן
ווען דו ביזט אַליין,
און ווי ס'איז געוועזען דאַן
יענער שטערען קליין.

און געפינען ווען דו וואַלסט
איהם צוריק דערנאָך,
וואַלסטו איהם ניט אויפהויבען —
דען צו וואָס דעם יאָך?...

## זי און דער טרוים

אַך, וואו איז זי, העניע, אַצינד —
דאָס ליעבע, דאָס גאָלדענע קינד ?
איך האָב זי געליעבט א וואָך צוויי,
דאָך בענק איך עד היום נאָך זיי . . .

נאָך זיי, נאָך די וואָכען די צוויי,
זיי טהוען מיר איצטער נאָך וועה . . .
איך היט זיי ווי א גאָלדענעם טרוים —
און העניען — געדענק איך קוים־קוים.

פערמעגט האָט זי ליעבע פּאַר אַלע —
זיי זיינען געוועזן אזוי שיין . . .
איצט ווערט זי מיט וואסער געמינטערט,
דאָך וועט זי אָהן ליעבע פערגעהן . . .

## די רויז.

עס בויגט זיך א רויז אויפ'ן טישעל
פון קריגעלע וואסער ארוים ;
זי דופטעט, זי בליהט נאך, דאך פיהלט זי,
אז באלד און ס'וועט זיין מיט איהר אוים . . .

מען האט זי ניט לאנג אבגעריסען
פון גארטען, פון שוועסטערלאך פיעל ;
זי האט זיך געשפיעלט דארט מיט שטראהלען,
אין אווענד — מיט ווינטעלאך קיהל !

א שמעטערלינג קומט איהר בעזוכען,
אין פארבען די שעהנסטע בעציערט ;
ער פלאטערט ארום און ער זוזשעט,
און ענדליך א שמועס פערפיהרט.

ער האט באלד געהאלזט זי, געצערטעלט,
און אט — און ער זויגט שוין איהר זאפט . . .
זי האט זיך געשעמט, דאך געשוויגען,
עס האט איהר פערגעניגען פערשאפט...

דערנאך איז דער שמעטערלינג ליעגען
געבליעבען, ווי שכור פֿאר גליק.
א צווייטער, נאך יונגער און שענער
קומט אן, און דאס זעלבע צוריק . . .

## שטיל און אומעדיג.

שטיל און אומעדיג און שפעט . . .
הארץ מיינס, וואס האסט׳ זיך צורעדט . . .
אלע מענשען שלאפען לאנג —
וואס־זשע וואכסטו, מיר און באנג ?

שא, דו האסט זיך ווי דערפרעהט . . .
האסט געמיינט אז יעמאנד געהט.
קיינער געהט ניט, נאריש הארץ,
קוק אין פענסטער : שטיל און שווארץ !. . .

שטיל און אומעדיג און שפעט . . .
הארץ מיינס — וואס האסט׳ זיך צורעדט ?
ווען וואַרסטו ? זאג מיר, זאג —
אויף דעם אקומענדען טאג ? . . .

ער וועט קומען, נו, איז וואס ?
וועט ער ברייננגען נאך פערדראס . . .
וואס־זשע וואַרטסטו נאר אומזיסט ? —
הארץ מיינס, ווי פערנארט דו ביזט ! . . .

שטיל אין אַלע גאַסען,
אַלץ אין טיעפע רוה ;
(נאָר א ווייטער טראַמוויי
קלאַפּט נאָך ערגעץ וואו...)

זעקס מיליאַנען מענשען.
ווער זשע זיינען זיי. —
יעדער מיט זיין שמחה,
יעדער מיט זיין וועה ?

זעקס מיליאַנען ליידען
האַלט די נאַכט אין שוים,
זעקס מיליאַנען ליעבעס —
ליעבעס שטאַרק און גרויס.

זעקס מיליאַנען מענשען
האָבען מיך ערוואַכט ;
כ'בענש זיי אין דער שטילקייט,
ווינש זיי : גוטע נאַכט ! . . .

## זעקס מיליאָן מענשען.

זעקס מיליאָנען מענשען
לעבען אין דער שטאָדט.
אויסגעצעהלט אויף ריכטיג —
די סטאַטיסטיק האָט.

און איין צייל פערנעהמט עס
אין דעם בלאַט, נישט מעהר;
איבערלעזען איז עס
איבעריגנס ניט שווער.

ס'איז נאָר א סטאַטיסטיק
פון א טרוק'נעם מאַן;
אין די זעקס מיליאָנען
בין איך אויך פאַראַן . . .

און דער אָרמער היימאַן
און דער רייכער שיף —
אַלעם נעהמט אין חשבון,
אַלעם — איין בעגריף . . .

נעה איך אום שפּאַצירען
אין דער טיעפער נאַכט:
„זעקס מיליאָנען מענשען" —
האָבען מיך פערטראַכט.

## דער זיעגער.

אַ, זייט נישט מקנא דעם העלד
וואָס האָט ענדליך געזיעגט,
און זייט נישט מקנא זיין קראַנץ
צום סוף, וואָס ער קריעגט.

עס זינגען איהם פרויען אַ ליעד —
עס קלינגט אַזוי זיס...
און בלומען מען שפּרייט און מען וואַרפט
צו איהם צו די פיס.

און ס'חלום'ען ליעבע צו איהם
די פרויען פון לאַנד,
און ס'חולם'ט די שעהנסטע צו איהם
און ציהט אויס איהר האַנד.

און ס'הערשט נישט קיין נייז מעהר פאַר איהם,
און מעהר קיין פערבאָט;
און ענדליך איז ער שוין קיין מענש,
ער איז שוין אַ גאָט...

ווי איינזאַם! אַ גאָט אויף דער ערד...
די שטראָף אַזוי האַרט!
ער בלייבט, ווי אין הימעל זיין פריינד,
אין פּאַלאַץ פאַרשפּאַרט...

יאָהרען, לאַנגע יאָהרען,
געהען שנעל פאַרביי,
און איך זוך זי אימער,
אימער אויף דאָס ניי . .

און עס וועלקט דער גאָרטען
און צוריק ער בליהט,
און איך זוך זי ווידער,
און געפין זי ניט.

מיינע האָאר שוין גראָה באַלד
איך פערגעס, פערגעס ;
זוך זי יעדען פריהלינג,
כ'וואַרט נאָך אויף א נס.

אַך, נאָר דאָס איז ליעבע,
אייביג זוך זי, זוך,
ווי עס ווערט בעשריעבען
אין אַן אַלטען בוך...

## די געזוכטע ליעבע.

איך וואָלט זיך פערליעבען
אויך אמאָל געוואָלט,
ווי אין בוך געשריעבען,
ווי אין בוך געמאָלט:

אין א שמאָל אלעע
און פון בוימער שוואַרץ,
זאָל איך זי בעגעג'נען —
קלאַפּען זאָל דאָס האַרץ.

איהרע טריט געמאָסטען,
איהר פיגור איז שלאַנק:
און ווי איינגעזיעגעלט
האָט זי מיין געדאַנק.

כ'ווייס גאָר ניט איהר נאָמען,
און אויך ניט איהר שטאָם,
און אין האַרצען ברענט שוין
מיר א ליעבעס־פלאַם!

וואַכען, לאַנגע וואָכען
געה איך פון דער פריה
אַלץ אין יענעם גאָרטען —
צו געפינען זי.

## דו ביזט ווי א רויז.

דו ביזט ווי א רויז צווישען דערנער,
ניט זעהן עס, בעדארף מען זיין בלינד;
דאך לאז איך דיך, מיידעל, א קאלטער —
מיין הארץ בענקט נאך דערנער אצינד.

א רויז — וואס־זשע קענסטו מיר געבען?
דיין דופטען? אך, דאס שטערט מיר גראד!
דיך אפרייסען? פלאגט דאס געוויסען,
דיך נעהמען אין האנד — איז א שאד.

בעליידיגט א רויז! און עס וועלען
בערײדען מיך לייט אין גאנץ שטאדט
און וועל ווי א קין דערנאכדעם
בעיאגט זיין פון מענשען און גאט.

דו וועסט אין מיין צימער פערוועלקען
גאנץ שנעל, אין א טאג אדער צוויי,
און טראגען וועל איך אין מיין הארצען
א שטענדיגען אומעט און וועה.

## אין וועג.

איך זוך שוין אין לעבען קיין וועג,
מיר דאכט שוין : דאָס בלאָנזשען איז ריכטיג :
איך בענק שוין ניט מעהר נאָך דער זון —
א שטערענדעל מאכט מיר שוין ליכטיג.

איך זוך שוין קיין פּאלאץ אין וועג,
מיט צעהנדליגע צימערן, טירען,
וואו בת־מלכה'ס, ערדעל און שטאָלץ,
פון איינעם אין צווייטען שפּאצירען.

א הייזעלע זוך איך א קליינס,
ווען ס'הויבט אָן אין וועג פּלוצים רעגנענען
און זאָל דאָן א פריינדליך געזיכט
ביי'ן עפ'נען די טיר מיך בעגנענענען . . .

א שטיבעל א קליינס און א טיש. . .
א ליעדעל פון ווינד אין דעם קוימען.
און זיצען זיך רוהיג און שטיל
און טרוימען פארגעסענע טרוימען . .

## צייט-מאָטיוו.

מיר האָבען זיך אַלע איצט פיינד
און האַלטען זיך בלויז אין איין קריעגען.
צי איז דען פון ליעבע דאָס ליעד
געוועזן נאָר פון אָנפאַנג א ליגען ?

און אפשר גאָר זיינען מיר פאַלש,
אויך איצט אין דעם האַס אין דעם טיעפען,
דערפאַר ווייל מיר זיינען פערפרעמדט
און האָבען זיך נאָך נישט בעגריעפען.

דאָך כאַפּען צוריק איז שוין שפּעט,
מיר זיינען צו ווייט שוין פערגאַנגען,
און קענען ניט מעהר שוין צוריק
די הענד אייגע ד'אַנדערע דערלאַנגען...

ער לויפט עם בעהאלטען,  
ברעכט האלז און גניק,  
און וועט אויך פערלירען  
זיין אייג'נעם טייל גליק...

## גליק.

ווי ס'קומט נאר אראפּ דאָ
דער מענש אויף דער וועלט
אזוי איז פאר איהם שוין
זיין גליק דאָ בעשטעלט.

עס איז ניט קיין שטיקעל,
עס איז ניט קיין שטיק :
אַ יעדער בעקומט דאָ
אַ גלייכען טייל גליק.

קיין איבריגע גליקען
איז קיינמאָל פאראן.
איין חלק פאר אַלע,
פאר ווייב און פאר מאַן.

ביי'ן מענשען די אויגען,
זיי זיינען צו גרויס,
ער קוקט אויף א חלק
א צווייטענס נאר אוים.

ער זוכט און ער נישטערט
און האט נישט קיין רוה,
ביז וואנען ער גנבה'ט
א צווייטענס טייל צו.

## טעג.

טעג — זיי זיינען גלייך צו מענשען,
און זיי לעבען און זיי שטארבען . . .
זומערס ערשטע טעג — ווי קינדער
זיינען זיי מיט זייער שמייכלען.

איך האָב ליעב די קליינע קינדער
און די ערשטע טעג פון זומער —
ווייסען גאָר ניט פון געוויטער
און זיי שפּיעלען אזוי פריידיג.

ערשטע טעג פון הערבסט ! א, בלייכע !
ווי בעליעבט זיינט איהר מיין הארצען !
און ווי ריהרט מיך אייער שמייכעל,
װעלכער פאלט אויף הוילע פעלדער.

כ׳זעה אין איהם דעם זין פון לעבען :
אלעם מוז זיין ענדע האָבען,
און דער זומער און די יוגענד —
וואָס עס בליהט מוז אויבעט וועלקען . . .

ענטפערסט: כ׳האָב דאָ זעלבסט געוואוינט —
קוקט ער אָן דיך ווי ערשטוינט.

ער פערשטעהט ניט, אז מען קען
זוכען זיך אליין אין הויז
וואו מען האט געוואוינט נאָך ווען
און מען וויל ז י ך ווידער זעהן.

## ווען דו געהסט אמאָל פערביי.

ווען דו געהסט אמאָל פארביי
יענע גאַס און יענע הויז,
וואו דו האָסט געוואוינט שוין לאַנג,
ווערט דיר אומעטיג און באנג!

יענער צימער אין דער מיט
דיינער איז געוועזען דאָן!
דו דערקענסט די פענסטער צוויי —
פרעמד געוואָרען זיינען זיי!

דאָ געשטאַנען איז דיין בעט,
דאָרט געשטאַנען איז דער טיש;
אַנדערש איז געשטעלט דאָרט איצט,
אויף דיין שטוהל אַ פרעמדער זיצט.

קוקסט די מענשען אויף דער גאַס,
אַלע זיינען אונבעקאַנט.
נייע שכנים אין דעם הויז —
זעהען בייזע, פרעמדע אויס...

און די קינדערלעך ביים טיר
שפּיעלען זיך נאָך איצטער אויף;
אָך, דאָס דאַכט זיך דיר נאָר אויס,
יענע זיינען איצט שוין גרויס...

מערקט דיך איינער און ער פרעגט:
זוכט איהר ווער דאָ אין הויז?

און אייער „ווארהייט“ איז אויף אייביג,
און ס'ווייסען זי פון גרוים ביז קליין,
דאך אלע ווענען שמאל און שטויביג
און שטאט א קוואל, געפינסט א שטיין ! . . .

## דאָס לעבען ציהט.

דאָס לעבען ציהט זיין אַלטען ניגון —
עס דאַרשט דאָס האַרץ נאָך עפּעס נייס;
אַ, טראַכט מיר אוים אַ נייעם ליגען —
איך צאָהל דערפאַר דעם העכסטען פּרייז.

ווי אויסגעטראָטען אַלע וועגען!
און אַלע שפּורען, ווי בעקאַנט:
ווי וואָלסטו וועלען בלאָנזשען, פרעגען:
וואו איז דער וועג צום נייעם לאַנד?

עס דאַרשט דאָס האַרץ נאָך נייע קוואַלען,
אַ ווייטע לוסט אין ד׳ אויגען ברענט!
ווי וואָלט צו זיי איך צוגעפאַלען
און אויסגעשעפּט זיי מיט די הענט!

די זיידעס אונזערע, זיי פּלעגען
זיך שאפען ליגענס אַלערליי —
דאָך ווער פּלעגט צווייפלען זיך דערוועגען
און ווייט גערופען האָט עס זיי!

דער ווייטער קוואַל פון „אייביג־לעבען“ —
געגלויבט האָט יעדערער דעריז,
און אויב געגלויבט איז שוין געוועזען —
מען ברויך נאָר זוכען: וואו — וואוהין? . . .

אויף אזא'ן אופן געפינט דער לעזער אין ערשטען באנד די ערצעהלונג „אמאליגע מענשען", וואס איז געשריבען געווא־רען מיט א יאהרען צוריק, נעבען אן ערצעהלונג „דער עיבור", גע־שריעבען מיט זעכצעהן יאהר צוריק, א. ד. ג.

דאס זעלבע געשיהט אויך מיט די דריי בענדער ליעדער, וואס געפינען זיך אין די דאזיגע צוועלף בענדער פון „אלע ווערק", — כאטש שוין אין א קלענערער מאס.

אבער אום צופריעדענצושטעלען די נייגיערדע פון דעם לע־זער איז דער פערלאג „א י ד י ש" אזוי פריינדליך געוועז צוצודרוקען ביי'ן סוף פון 12טען באנד אן א י נ ה א ל ט פ ע ר צ י י כ נ י ס פון אלע ערצעהלונגען און ליעדער, וואס קומען אריין אין די אלע צוועלף בענדער ל ו י ט א כ ר א־נ א ל א ג י ש ע ן ס ד ר.

מורא האבענדיג אריינצופאלען אין א טאן פון אן הקדמה, וואס דאס איז היינט ניט שטארק אין דער מאדע, שליעס איך דעם דאזיגען פארווארט מיט דער פערזיכערונג, אז כאטש די דאזיגע זאמלונג פון מיינע ווערק טראגט דעם שווער־קלינגענדען נאמען „יובילעאום אויסגאבע", וועלען דאך די לאנגע צאהל יאהרען, וואס שטעהען הינטער מיין ליטעראַרישער טהעטיגקייט ניט שטערען מיר צו שאפען מיט'ן זעלבען פלייס, ווי ביי'ן ערש־טען ליעד, מיט פינף און צוואנציג יאהר צוריק, ווען איך בין נאך געוועזן כמעט א אינגעל און געקוקט מיט גלויבען אין דער צוקונפט אריין... און אפשר דערפאר האב איך ניט צוזאמענ־געשטעלט מיינע ווערק כראנאלאגיש...

א ב ר ה ם ר י י ז ע ן.

ניו־יארק, אויגוסט, 1916.

* * *

די דאָזיגע צוועלף בענדער אונטער'ן טיטעל „אַלע ווערק" איז די ערשטע פאָלשטענדיגע זאַמלונג פון דעם אַלעם, וואָס איך האָב געשריעבען אין פּראָזע און פּערזען אין פערלויף פון פינף און צוואַנציג יאָהר (1891 — 1916).

אויב דער בקי אין דער אידישער ליטעראַטור בכלל און פון מיינע שריפטען בפרט, וועט זיך כאַפּען, אַז איהם פעהלען אייניגע זאַכען, בעט איך איהם ער זאָל מיר ענטשולדיגען: דערפאַר בעט איך שוין אויך ענטשולדיגונג ביי דעם יעניגען, וואָס וועט געפינען אייניגע זאַכען פאַר איבעריג.

געוואָלט האָב איך צוזאַמענשטעלען מיינע ערצעהלונגען און ליעדער לויט'ן כראָנאָלאָגישען סדר, ווי עס פיהרט זיך דאָס רוב ביי פאָלשטענדיגע אויסגאַבען. אָבער צוליעב די פערשיעדענאַרטיגקייט פון די מאָטיווען און סיטואַציעס, וואָס מיינע ליעדער און ערצעהלונגען ענטהאַלטען, וואָלט א כראָנאָלאָגישע אָרדענונג געווען גיט בעזונדערס צוועקמעסיג. אַן ערצעהלונג פון אידישען לעבען אין דער אַלטער היים וואָלט אויסגעקומען צו שטעהן בשכנות מיט א בילד פון אַמעריקאַנער לעבען און פון אַזאַ נאָהענטקייט פון צוויי ווייטע וועלטען וואָלטען מיינע ווערק לויט מיין מיינונג, געליטען אין האַרמאָניע.

דערפאַר האָב איך ביי'ן צוזאַמענשטעלען די צוועלף בענדער, געהאַלטען זיך מעהר לויט'ן אינהאַלט, אָרט און עפּאָכע. אין די ערשטע בענדער געהען אריין די ערצעהלונגען פון דער אַלטער וועלט, אין די ווייטערדיגע בענדער — די ערצעהלונגען פון דער גרויסער שטאָדט און יענע ערצעהלונגען, וואָס טראָגען אַן אַלגעמיינעם כאַראַקטער. אין די נאָך ווייטערדיגע בענדער געהען אריין יענע, וואָס איך האָב געשריעבען פון אַמעריקאַנער לעבען, א. אז. וו.

אברהם רייזען.

# ליעדער

ערשטער באנד.

ארויסגעגעבען פון פערלאג „אידיש"
1917 ניו־יאָרק, תרע"ז.

אַלע ווערק
פון
אברהם רייזען
אין 12 בענדער

# יובּילעאום אויסגאַבּע

דריטע אויפלאַגע.

